# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדען 8 טאָג.

פערלאג: חברה „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אַסטרייך-אונגארן —.6 פלארין.
האלביאָהריג —.3 „
פירטעליאָהריג 1,50 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאָהרליך —.5 רוביל.
האלב יאָהרליך —.3 רוביל;
פיערטעל יאָהרליך 1.50 רו"כ.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעסע קאסט
20 קאפ.

קראקויא, שבט תר"ס. נומר 27—28. Krakau, December 1899.


## אינהאלט:




## צו אַבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Dietelsgasse 45.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25,
mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I, Rudolfsplatz 6.

אין לאדז, ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodz, Cegielnianastr. 36.

„דער יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

I. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 27-28.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ־יאהרליך —.5 רוביל.
האלב־יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל־יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — : "
~~~~~
ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדען 8. טאג.
—— פערלאג: חברת „אחיאסף". ——

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארן —.6 פלארין.
אלביאהריג 3.— "
פ־טעליאהריג 1.50 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ־ אל —.12 פראנק.
אנדערע ־ענדער —.15 "
אמע־יקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
Erscheint jeden 8. Tag.

Krakau, December, 1899. נומר 27—28. קראקויא, שבט תר"ס.

## בעקענטניס פון א אלטען ציוניסט.

(ענדע).

ארץ־ישראל איז א לאנד אהן א פאלק און אהן געלד; די יודען זענען א פאלק מיט געלד, אבער אהן א לאנד; ארץ ישראל איז א לאנד וואס געהערט דער צוקונפט, די גרויסע פאלעסטינא־פארשער און קענער, אויף וועלכע מען קען זיך פערלאזען, זאגען און פערזיכערען דאס אונזער אלטעס לאנד קען דורך פלייס און ארבייט פערוואנדעלט ווערען אין א פרוכט־און בלומען־גארטען. פאלעסטינא און סיריען זענען אין שטאנד צו ערנעהרען בכבוד מיליאנען מענשען, איצט אבער זענען דיזע לענדער כמעט אהן איינוואהנער, וויסט אין פוסט.

דער טערק איז פון נאטור בראוו, עהרליך און פרום! אבער געוועהנליך פויל, אבגעלאזען, ער פערלאזט זיך אויפ'ן מזל און גלויבט ניט אין זיינע אייגענע קרעפטען. דער יוד אבער איז פון נאטור אינטעליגענט און פלייסיג, בעטראכט אלסדינג מיט ניכטערנע אפענע אויגען און האט פיעל ענערגיע און געדולד. ער איז פאר האנדעל און פאבריקאציאן ווי געשאפען, אויך איז ער פעהיג צו ערדארבייט, ווי ער האט דאס שוין לאנג בעוויזען.

דעם יודען און דעם טערק פערבינדט איין געמיינזאמעס באנד. דעם טערק פעהלט די וויכטיגסטע לעבענסבעדינגונג, די קולטור, אהן וועלכער ער קען צו גרונד געהן, ער מוז האבען קולטור אין זיין מלוכה, ווען ער וויל לעבען. פון די ארמעניער און גריכען, וועלכע האבען איהם נעדינט אלס קולטורטרעגער, איז ער גענוג אויסנעריסען געווארען, דאגעגען מיט דעם יודען האט ער נישט געמאכט קיין ביטערע ערפאהרונגען און וועט זיי אויך קיינמאל נישט מאכען.

די שוויריגקייטען, וועלכע עס ליגען אויף דעם וועג צו בעזעצען יודען אין ארץ ישראל און סיריען, זענען ניט אזוי גרויס ווי מען מיינט. דער שד איז ניט אזוי שרעקליך ווי מען מאלט איהם אויס; די שוויריגקייטען זענען נאך לאנג ניט אזוי גרויס און שטארק, ווי די שוויריגקייטען און מכשולים וועלכע עס זענען געלעגען אויף דעם וועג פון די איטאליענער ביי זייער איינינונג אלס פאלק. די איטאליענער האבען געמוזט ערשטענס אראבווארפען פון זיך דעם שווערען יאך פון מעכטיגען עסטרייך, דערנאך דעם שווערערען יאך, וואס דער מעכטיגער פאפסט האט אויף זיי ארויף געלייגט, זיי האבען געמוזט זיך בעפרייען פון דעם שטריק אויפ'ן האלז, וואס די קליינע רעגירונגען האבען זיי ארומגעבונדען צו פערשטיקען. די איטאליענער האבען געמוזט שטארק קעמפפען געגען א גרויסער מיליטערמאכט און געגען אונצעהליגען חיל. די מלחמה איז געווען נאך בעזונדערס שווער און שטארק, ווייל זי האט זיך אבגעשפילט אין דעם אייגענעם לאנד, וואו עס זענען געווען פערשטעקט און פערבארגען אויף טריט און שריט טויזענדער פרעמדע און אייגענע שונאים, שפיאנען, מוסרים, צבוע'קעס, אסימיליאנטען, פאנאטיקער און ד. ג. יעדער דער וואס איז געוועזן פאר די איינינונג פון איטאליען האט געמוזט מפקיר זיין זיין לעבען, און דאך האבען די איטאליענער גליקליך אויסגעפיהרט זייער פלאן, זיי האבען גליקליך עררייכט וואס זיי האבען געוואלט און צו וואס זיי האבען געשטרעבט מיט אלע כחות; זייערע שווערע קרבנות זענען ניט אומזיסט געוועזן. מיר יודען ווילען ניט אין וועלען ניט מלחמה האלטען און קעמפפען מיט קיין מאכט, מיר ווילען נור פריעדליך, עהרליך און אפען ערד קויפען אין ארץ ישראל, און ווער קען עס לייקענען, אז עס איז פיעל שווערער אבצושאפע די מאכט פון טיראנען, קאטוילישע גייסטליכע, ווי זיך איינצושאפען ערד צום ארבייט. „די ערד האט פלאץ פאר אלעמען" און דער יוד האט געלד פאר אלץ ווען ער וויל נור, און מיר נעהמען זיך ניט אונטער חלילה מלחמה צו האלטען, מיר ווילען א פריעדליכע לאנגזאמע, קולטורעלע קאלאניזאטארישע ארבייט. אונזער פלייס און אונזער ארבייט, זיי וועלען זיין אונזער איינציגעס געוועהר און אונזער גאנץ כלי־זין. מיר ווילען ווידער בעקומען דאס לאנד פון אונזערע אבות ניט מיט געוואלד, נאר מיט געלד און מיט גוטע עהרליכע רייד, מיר ווילען וואנדערן ניט קיין שונאים צו געפינען, נאר פריינד אויסצוזוכען; און ווי עס שיינט, און ווי די סימנים ווייזען וויל דער טערק טאקי אונז אויפנעהמען. מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען פאר קאנקורענטען, מיר האבען גוטע פריינד, די וואס העלפען אונז; מיר האבען שונאים די וואס ווילען פטור ווערען פון אונז; עס איז צו גלויבען דאס קיינער וועט אונז ניט שטערען אין אונזער ארבייט; די איינע וועלען ניט שטערען אויס ליעבע, די אנדערע אויס שנאה, מיר טרעטען קיינעם אין וועג, אדרבה, מיר טרעטען אב דעם וועג אנדערע, כדי מיר זאלען קיינעם ניט שטערען.

ווען אונזערע רייכע און זאטע, אונזערע מיליאנערען און געבילדעטע וואלטען וועלען איינזעהן און פערשטעהן אז ניט זיי מיינען מיר, ניט זיי געבען מיר די עצה, זיי זאלען פערלאזען זייער ווארעמעס אייראפייאישעס נעסט און זאלען אויסוואנדערען קיין פאלעסטינא; ווען די העררען וואלטען וועלען זיך בעדיינקען, דאס עס האנדעלט זיך אום די ארומסטע אונטער די ארומע, אום די עלענדסטע אונטער די עלענדע, די וואס קענען שוין מעהר ניט אריבערטראגען זייערע צרות און יסורים, און פון וועלכע עס קען ארויסקומען אין פאלעסטינא א דור, דורות בליהענדע געזונדע צום שטאלץ און צור עהרע פאר דער גאנצער יודענהייט — ווען די העררען וואלטען דאס אלעס פערשטעהן ריכטיג, וואלטען זיי געוויס אויפהערען שפאטען און חוזק צו מאכען איבער דעם ציוניזם, פיס איהם אונטערשטעלען און אלע שוויריגקייטען לייגען איהם אין וועג... די פערשפאטונג איז א פערשפאטונג פון זיך זעלבסט, ווער עס לאכט פון ציוניזם לאכט פון זיך אליין...
~~~~~

און וואס דען ווינשען מיר, וואס דען פערלאנגען און פאדערען מיר פון אונזערע ברידער, די נאהענטע און די ווייטע? כמעט גאר נישט נאר מאראלישע שטיצע, א גוט ווארט, א פריינדליכע מינע. גרויסע קרבנות, צדקות און חסדים בעטען מיר ביי קיינעם, דער שקל וואס א ציוניסט צאהלט יעהרליך האט נאך קיינעם ניט ארומער געמאכט, די יודישע קאלאניאל־באנק, אונזער בעסטעס אינסטרומענט צו עררייכען אונזער ציעל, פערלאנגט אויך גאנץ ווענינ, זי פערלאנגט דאס יעדער איינצעלנער זאל אויסלעגען גאנץ קליינע סומען וואס מעהרערע יודען, צווישען אונז ריידענדיג, פערלירען טאג טעגליך מעהר אין קארטען און אין קאפער־שאנטאן...

מיר ברויכען איין פאלקסבאנק, וועלכע זאל אנקלאפען אן די פפארטע (טערקיי), און זאל איהר זאגען: פערזיכער אונז, עס זאלען קענען פריי און געזעצליך אריינקומען אין לאנד הונדערט טויזענדער אומגליקליכע עהרליכע מענשען, די וואס ווילען לעבען און לעבען לאזען, די מענשען, וואס בעגעהרען און שטרעבען פלייסיג און עהרליך צו ארבייטען, זיך צו ניצען און העלפען אבער קיינעם ניט צו שאדען חלילה . . .

פאר וואס זאל די "פפארטע" ניט אננעהמען אונזער ביטע, פאר וואס זאל זי ניט געבען קיין ערלויבניש? יא, זאגען אונזערע געגנער, און דער היילינער קבר און די אייראפייאישע מליצות, וועלכע וועלען עס געוויס ניט צולאזען, און דער פאפסט א. ד. ג. אבער פון וואנעט ווייסט איהר אז די אלע שטערונגען וועלען קומען? האט איהר דען געפרופט? פראבירט דאך אמאל, אפשר זענען די שוויריגקייטען גאר נישט אזוי גרויס. פערלירען קענט איהר דאך גאר נישט, איהר קענט נור געווינען . . .

ווען פאר איינינע יאהרען צוריק האבען די גריעכען אנגעהויבען דעם קאמפף מיט די טערקען וועגען דער אינזעל קרעטא — דאן זענען געווען אלע אויסזיכטען געגען די גריכען: די מאכט פון דעם טירקישען מיליטער, אלע אייראפעאישע רעגירונגען זענען געווען אונצופריעדען מיט די גריכישע פרעטענזיעס, און נאך מיין מיינונג זענען איבערהויפט טאקי די גריכען געווען אומגערעכט, זייער מאטיוו, דער גרונד צום קריעג איז געווען א פאלשער, און דאך האבען אלע גריעכען פון אלע לענדער מיליאנען געשיקט. און אויך אזוינע גריכען וועלכע האבען אפשר קיין איינציגעס מאל אין זייער לעבען די ערד פון זייער לאנד ניט בעטרעטען, מיליאנען האבען זיי געשיקט, וויסענדיג אז זיי וועלען זייער געלד צוריק קיינמאל ניט זעהן.

מיר אבער וואס ברויכען די געלד מיטעל, ניט צום בלוט פערגיסען, נאר צו רעטען מיליאנען אומגליקליכע ברידער, צו אידעלע הייכע קולטור־צוועקען, מיר, זאג איך, די וואס ווילען בריינגען דען טערק אין הויז פריעדען אנשטאט לאסט, האנדעל און פאבריקאציאן אנשטאט רויב און רציחות; מיר די וואס בעטען דאס געלד ניט ווי א נדבה, ווי א צדקה, נאר מיר, די וואס ווילען דאס געלד פערוואלטען און פערוועגדען שיצען און פערמעהרען מיט נוין פאר אלעמען ווי א נאציאנאל־פערמעגען, ווי א פאלקספאנד, מיר זאלען, פרעג איך, אומזיסט קלאפען אין די טהירען פון אונזערע ברידער?

ניין, דאס איז ניט מעגליך!

דאס איז ניט מעגליך ווייל איך האלט ניט, חלילה, די מעהרסטען אונזערע רייכע און געבילדעטע פאר אזוי שלעכט און הארט; איך האלט זיי ניט, נאט בעהיט פאר אזוי גלייכגילטיג און קאלטבליטיג געגען די צרות פון זייערע ברידער, ווי מען קען א מאל מיינען, עס שיינט נור אזוי. פון מיין אייגענער ערפאהרונג וויים איך וויפיעל עס האבען די אייראפייאישע יודען געטהון פאר זייערע ארומע אומגליקליכע ברידער אין יאהר 1885, אין יענע שווערע טעג. מיליאנען פראנק האבען זיך געגאסען פאר די אומגליקליכע עמיגראנטען פון זייערע רייכע ברידער אין דייטשלאנד, ענגלאנד, פראנקרייך, עסטרייך. איך בין דאמאלס געווען פרעזידענט פון דעם אונטערשטיצונגס־קאמיטעט, איך בין געשטאנען אין מיטען פון דעם אומגליק און עלענד און אלעס מיט מיינע אייגענע אויגען אנגעזעהן: דער יוד איבערהויפט איז א בעל־צדקה, א בעל־רחמים און גיט נדבות און צדקות אויף אלע זייטען, דער אונפערמעגליכער ווי דער רייכער, רחמנות און צדקה ליגט אין זיין טבע, דאס איז א מדה, וועלכע מיר האבען געירשנט פון אונזערע עלטערנס עלטערן, פון דור דורות. די מדה איז אונז איבערגעגאנגען אין בלוט און פלייש און בעוויזט קלאר־

# פעליעטאן.

## דער קורצער פרייטאג.

אנ'אמת'ע מעשה.

איך זאג אייך — הכל במזל תליא. אלץ ווענדט זיך אן גליק. אלץ העננט אב פון מזל און ווייטער גאר ניט. די קלענסטע זאך שפיעלט א כאל די גרעסטע ראלע, און די וויכטיגסטע זאך בעמערקט מען אפילו ניט, אלץ א מזל. מילא ביי דעם מענשען איז דאך געוויס דאס מזל דער עיקר, ווי זאגט מען עפיס „בעסער א קווינט מזל איידער א טון גאלד". איינער איז זיך גרויס און שטארק און מע מאכט גאר קיין פירוש פון איהם, און דער אנדערער איז א ברעקיל, א גאר ניט, דאכט זיך, און עס איז מלא כל הארץ כבודו, עס רודערט מיט איהם די וועלט. נאר אפילו ניט ביי מענשען, אפילו ביי אנדערע זאכען אויף דער וועלט, העננט אויך אלעס אב פון מזל. וואס דארפט איהר מעהר, דאכט זיך, א קלייניצקע מטבע, דער גראשען, און פון דעסטוועגען אז עס איז בעשערט כבוד איז וועמען רופען אונזערע חכמים „גדול" — איהם, דעם גראשען און אז רבי שמעריל איז מנדב צו דער תורה ח"י גדולים איז ניט געמיינט חלילה ניט רובל, ניט טאלער, ניט אימפריאלען, נאר — גראשענס. — די אייגענע מעשה מיט טעג. דאכט זיך, פיעל שענע ליעבע טעג זענען דא אין א קיילעכדיגען יאהר, פיעל שענע, ליכטיגע, פרעהליכע, מיט בליהונג און יונגע גרינס אויסגעפוצטע מחיה'דיגע וועסנעטעג, פיעל רוהיגע, לאנגע, הייסע, מיט פארטיגע פרוכטען און צייטיגע תבואות בעלאדענע זומערטעג, פיעל זילבערקלארע ווינטערטעג, מיט ברענעדיגע קנאקעדיגע פרעסט, מיט גלאנציגען קריסטאלענעם שניי און ליכטיגען הימעל, אין דאך — אינטערעסירט מען זיך מיט קיינעם ניט אזוי ווי מיט דעם קורצען פרייטאג. א קליין ברעקיל טאג, מעהרסטענס א טונקלער, א קאלטער און א חמארנער, און שפיעלט א ראלע מעהר ווי אלע וואכעדיגע טעג פון א גאנץ יאהר, מזל און ווייטער גאר ניט!

ביי אונז אין חאנדריקוב, געדענק איך, איז דער קורצער פרייטאג געווען ניט קיין געוועהנליכער טאג, ווי אלע טעג, וואס פלעגען קומען און שלעפען זיך לאנגווייליג און פערשלאפען איינער נאך דעם אנדערען, נאר א גאנץ בעזונדערער טאג, אנ'אורח וואס מען האט זיך אויף איהם בעצייטענס געריכט און געמאכט צוליעב איהם פיעל הכנות. און מיט עטליכע וואכען פריהער פלעגען זיך פראסטערע בעלי-בתים שבת אין שול אויסרעכנען, ווען געפאלט דער קורצער פרייטאג און אריינגעמען דאס גוט אין זינען. אלע בעלי-בית'טעס האבען אבגעווארט דעם אורח און בעמיהט זיך איהם געהעריג מקבל-פנים זיין, און מיט דריי טעג פריער האט געוואזסט קינד און קייט אז עס קומט אן דער קורצער פרייטאג. א שפאס צו זאגען א טאג — א מינוט, וואס מע זעהט זיך ניט ארום ווי ער געהט אוועק, און דערצו א פרייטאג, אנ'ערב-שבת, און ווי אויף צו להכעים נאך א מארק-טאג. די גאנצע נאכט פון דאנערשטאג אויף פרייטאג איז אין שטעדטיל געווען לעבעדיג און טומולדיג, פון אלע פענסטער האט געשיינט ליכט און די קראמען זענען געשטאנען אפען ווי אם העלען טאג. אויף די גאסען זענען ארומגעגאנגען לאנטערנעס מיט גרויסע שווארצע שאטענס פון מענשען הינטער זיך, און אומעטום האט זיך געהערט רייד און געשריי. אין איניגע שטעלען האט זיך געזעהן גאנצע ליומינאציעס, דאס האבען די מארק-ווייבער, הענדלערקעס, ערגיץ אין א ווינקעל הויף אדער אויפ'ן גארטען געסמאליעט גענז, פעטע אויסגעשטאפטע געגזליך וואס האבען צו פיעל הנאה געהאט פון דער וועלט און דערפאר האבען ווי זיך געמוזט סמאליען אין פייער און דערנאך פראווען גלגול-שלג. ליגען אויסגעצויגען ווי די מליץ-יושר'ס אין שניי, אויסקיהלען זיך, זיי זאלען געבען מעהר שמאלץ. די גאנצע נאכט האט פון די קוימענס געוואלעט רויך ווי ערב-פסח, מע האט גע'כשר'ט אויבענס און געפרעגעלט פסח'דיגע שמאלץ מיט גריבענס. נאכדעם געבאקען חלה אויף שבת, און רעכטע אשת חילים האבען זיך אוספראוועט אין איין וועג אויסקאכען דעם צימעס אויך. אין שול איז מען געווען אויף א גאנצע נאכט, אביסעל געלערענט און אפילו גע'בטל'ט, געקויפט בשותפות קאלטע לעבערס, געבאקען בולבעס און דערצעהלט מעשיות. א כלל גאנץ חאנדריקוב האט געלעבט, געוואכט און ניט צוגעמאכט אנ'אויג. און אלץ לכבוד דעם קורצען פרייטאג.

איינער פון די וועלכע פלעגען שטארק אין זינען האבען דעם קורצען

ווען מען ברויכט דאס נאך איבערהויפט צו בעווייזען — דאס אלע גלידער פון דעם יודישען פאלקס־קערפער, אין אלע לענדער און עקען פון דער וועלט, האבען אויפבעוואהרט ביז היינטיגען טאג זייער נאציאנאלען כאראקטער.

מיר קענען גאנץ בעשטימט זאגען אז די סבה וואס אונזערע רייכע און געבילדעטע שטעהן ווייט אדער זענען נעהנער פון אונזער בעוועגונג, די סבה דערפון ליגט ניט אין קארגשאפט, אויך ניט אין זייער גלייכגילטיגקייט צו יודישע צרות. נאך מיין איבערצייגונג ליגט די סבה אין דעם, דאס אין יעדען פון אונזערע רייכע ברידער און געבילדעטע שטעקט נאך ביז היינטיגען טאג א שטיק גלות יוד, דער וואס האט מורא פאר דעם העלען ליכטיגען זונענשיין, און דער וואס פיהלט זיך זיכער און רוהיג אין דעם טומאן, נעבעל פון קאסמאפאליטיזם. דער פחד וואס איז איהם געבליבען פון דער גהעטא ליגט נאך ביז היינט אין זיין הארצען. דער יוד האט מורא זיך צו בעקענען פאר דער גאנצער וועלט פריי און אפען, דאס ער געהערט צו זיין נאציאן, צו זיינע ברידער, ווייל דאס אחדות האט איהם א מאל געקאסט טייכען בלוט און טרערען, און איהם דוכט זיך אז ער איז זיכערער מיט זיין לעבען, ווען מען פערגעסט אז ער איז א יוד. דאס זענען די אנוסים פון דעם 19־טען יאהרהונדערט, דאס איז א שלעכטע ביטערע קרענק.

דער יוד ערווייטערט זיך פון זיין פאלק, ווייל ער מיינט אז אויף דעם אופן וועט ער מעהר געשיצט זיין פון האס און פעראכטונג, אבער דאס איז אליין א טעות, זעהר א גרויסער טעות. אונזערע שונאים האבען א גוטע נאז, א שטארקען חוש־הריח און געפינען דעם פערשטעקטען יודען, ער קען זיך ווי פערמאסקירען, פערטוליען און פערשטעלען זיך... און וואס איהר האט מעהר מורא, וואס איהר שעמט זיך מעהר מיט דעם נאמען יוד, אליין מעהר לאכט מען פון אייך, אליין מעהר האסט מען און פעראכטעט אייך... צווייטויזענד יאהר האט איהר געלעבט אין פחד און אין פערמאסקירען זיך, אבער ניט פיעל האט איהר דערמיט געוואונען. פריוועט דאך ענדליך א מאל אוועקווארפען די מורא, הערט אויף פערמאסקירען זיך, זאמעלט אייערע צערשטרייטע גלידער, גיט אין זיי אריין נייעס לעבען און זייט מודה ווידער פאר דער גאנצער וועלט, אז איהר זענט איין נאציאן! איהר וועט געוויס קיין חרטה האבען, און איהר וועט געווינען דורך דעם די אכטונג ביי די פעלקער, וועלכע האבען אייך ביז יעצט ניט אבגעגעבען קיין בעזונדערען כבוד... נור דער וואס אכטעט זיך זעלבסט, פערדיענט אז אויך אנדערע זאלען איהם אכטען...

מיר שטעהן יעצט ביים אויסגאנג פון א יאהרהונדערט, מיר שטעהן פאר א וויכטיגען היסטארישען מאמענט און איהם אויסצונוצען איז א הייליגער חוב פאר יעדען יודישען פאטריאט. די ציוניסטישע בעוועגונג איז גענוג שטארק, קיינער דארף ניט און קיינער קען זי ניט אויפהאלטען אויף איהר וועג. זי איז א כאראקטעריסטישעס צייכען פון היינטיגער צייט. דאס יודישע פאלק זוכט זעלבסטשטענדיגקייט ווי אלע אנדערע נאציאנען. אונזער בעוועגונג איז ענטשטאנען ניט אויס גאוה, ניט אויס עקשנות, נאר אויס נאטווענדיגקייט, די ציוניסטישע בעוועגונג איז געבארען פון דעם שטרעבען צו לעבען, פון דער לעבענדיגער קראפט וואס ס'איז דא אין יעדער באשעפעניש, און וועלכע צווינגט איהר צו לעבען און ניט אונטער צו געהן. די יודישע צרות געהן אריין ביי יעדערען פון אונז אין מארך און ביין, אין קאפ, און הארץ; מיליאנען ברידער הונגערען און ליידען און זייער געשריי שטייגט ביז דעם הימעל!

וואס שטעהט איהר אזוי לאנג, איהר זאטע און רייכע? פעראייניגט זיך מיט די מענער וועלכע ווילען העלפען און קענען עס ניט, דער ווינד בלאזט אין אונזער זייט, טערקיי איז צו אונז פריינדליך, מיר ווילען גאר ניט פערליערען, מיר קענען אבער אלעס געווינען.

דערמאנט זיך דעם דיכטערס ווארט:

אונד וואס דו אין דעם אויגענבליק אויסגעשלאגען
דאס גיבט דיר קיינע עוויגקייט צוריק.
(דאס וואס דו האסט אין דעם אויגענבליק אוועקגעלאזט
דאס גיט דיר די עוויגקייט קיינמאל ניט צוריק).

דר. מ. מאנדעלשטאם.

## אויף איסצאהלען.

פאר נישט פערמעגליכע לייט איז זעהר וויכטיג צו בעקומען די מעגליכקייט צו קויפען פערשיידענע שטוב־זאכען און אינסטרומענטען

פרייטאג איז געווען אונזער רב, רבי זיינוויל. איך גלויב אז ביי דעם גרעסטען מיניסטער איז ניט אזוי איינגעטיילט די צייט אויפ'ן האר, ווי ביי רבי זיינווילען פלעגט זיין איינגעטיילט דער דאזיגער פרייטאג, פשוט אויסגערעכענט אין מינוטען. און ווי דען ניט? דאווענען דארף מען, אנבייסען אויך — פרייטאג איז ניט קיין תענית — אין באד געהן ערב־שבת — אודאי, די נעגיל אפשניידען, שמעקטאבאק אנגרייטען און פיעל אנדערע ערב־שבת'דיגע מלאכות, דערצו מאכט זיך דאך א שאלה, א פאפיק מיט א נאדיל, א צוזאמענגעוואקסענע פאפערקע, א קורץ שטיקעל דין תורה צווישען צוויי מארק־יודען, און דא איז גאר קיין טאג ניט, חמארנע און טונקעל און איידער מע גיט זיך א קער - איז ליכט בענשען. דארום פלעגט רבי זיינווילע אלע ווילע קוקי'ן אויפ'ן זייגער, געקנייטשט דעם לוח, געטאפט אלע רגע דעם דופק ביי דער שקיעה און געקארגט יעדע מינוט אום בעצייטענס מיט אלץ פארטיג צו ווערען. נאר ווידער די אייגענע מעשה — אלץ איז מזל און ווייטער גאר ניט און אז עס איז בעשערט אנ'אומגליק העלפט ניט קיין היטען זיך, הערט א מעשה.

עס איז געווען גראד דער קורצער פרייטאג. רבי זיינוויל איז ווי געוועהנליך אויפגעשטאנען פאר טאג, האט אפגעלערענט זיינע פאר בלעטער גמרא און גענומען טראכטען מכח דאווענען. מיט א מאל קומט אריין א פויער אין א פעלץ, מיט א לאנגער בייטש, מיט א וואגען שניי אויף די שטיוועל, מיט אנגעפרארענע וואנצען, טראגט אן פול דאס ספרים־שטיבעל מיט קעלט און ווינט, שלעפט ארויס פון קוטשמע א צונויפגעקנייטשט בריוועל און דערלאנגט דעם רב. וואס איז? — בעריל בייבאך, דער רייכער ישוב'ניק פון דער סביבה, בעט דעם רב אויף א ברית ביי זיין יונגער שנור, איז איהם מכבד מיט סנדק, און שיקט נאך איהם א פוהר. בעריל בייבאך איז אפילו לא עלינו ניט געווען קיין גרויסער שרייבער, און זיינע בריוולעך זענען ניט געווען אזוי גרינג צו לייענען, נאר דאס מאל האט דער רב גלייך פערשטאנען דאס ענין; ווייל דאס בריוועל האט געהאט צו זיך עטליכע פירושים. דער ערשטער פירוש איז געווען — א צאפעלדיגער דריירובלדיגע, וועלכע איז געווען איינגעקנייטשט אין פנים, און האט פערענטפערט אלע גרייזען, באלד נאך דעם האט דער פויער יורקע אריינגעטראגען דעם צווייטען פירוש, א זאק בולבעס מיט א לעבעדיגען גאנער. להרחב באור האט נאך דער ישוב'ניק געשיקט זיין גרויסען פעלץ מיט א פאר וואוילעקעס, דעם רב זאל זיין ווארעם צו פאהרען. ניט אנגענעהמען אזא איינלאדונג נאטירליך פאסט דאך ניט, בפרט רבי זיינוויל איז ערשט ניט לאנג רב געווארען, האט געהאט ווי עס פיהרט זיך א צד שכנגד, און איינ'ברוגז'ן אזא בעל־הבית האט איהם ניט געלוינט, דערצו איז איהם טאקי דאס לעבען אויך גענוג נודנע געווען און אויספאהרען זיך אביסעל, אפפרישען זיך, האט איהם גאנץ גוט פערשמעקט, און דער רב האט זיך באלד גענומען צוגרייטען צו דער נסיעה. די רביצין האט אפילו געזאגט אז עס איז א ריזיקע אונטערנעמען אזא נסיעה אם קורצען פרייטאג, נאר רבי זיינוויל האט קיין זאך ניט געוואלט הערען, ער איז געזעסען גאנצע טעג פערזומט און פער'חשק'ט אין ספרים שטיבעל, און האט איצט גאר אפגעלעבט, ער איז ארומגעלאפען פערסמאיעט איבער'ן שטוב, ניט צו פערגעסען וואס נייטיגעס, און באלד איז ער געזעסען פיקס און פערטיג. אויסגעפוצט אין די שבת'דיגע זופעצע, אויבען דעם פיינעם פעלציל זיינעם, און נאך אויבען דעם גרויסען שווערען פעלץ בעריל בייבאך'ס, מיט'ן רויטען גארטיל און א פאר וואוילעקעס ווי די קלעצער, וועלכע ער האט קוים כח געהאט צו שלעפען. און ווען ער וואלט זיך ניט ארויסזעהן פון צווישען דעם גרויסען קאלנער די מאגערע צירקעלע מיט דעם שפיציגען בערדיל וואלט מען געקענט מיינען, מי־יודע וואס פאר א גבור, א פאניע, א גזלן עס שטעקט דרינען. דער רבי האט זיך געזעצט אין גרויסען שליטען, ברייטליך צושפרייט. איינגעדעקט די פוס מיט היי און היירא אויף דער רייזע.

דער וועג איז געווען גוט. מיט אייניגע טעג צוריק איז געווארען רעכט ווינטער. דער פרישער שניי האט געבלישצעט און פרעהליך געחרוסצעט, דער שליטען האט זיך געגליטשט ווי אויף א גלאז, יורקע האט לוסטיג אונטערגעפייפט און די נסיעה האט גאר ניט געדויערט. אין א שעה צייט ביז עס איז גוט ליכטיג געווארען, איז שוין דער רב געווען אין דארף אין דער גרויסער געמויערטער קרעטשמע, וואו עס האבען אויף איהם געווארט דער בעל־שמחה מיט'ן גאנצען עולם. נאכ'ן ברייטען שלום־עליכם האט מען געטרונקען א גלעזיל ווארעמס, און באלד געשטעלט זיך דאווענען מיט'ן מנין ווי געהעריג. פון דער סביבה זענען זיך צוזאמענגעקומען א פאר מנינים יודען, עס האט זיך ארויסגעוויזען אז דער קצב וואס איז געקומען קויפען אין דארף קעלבליך איז א רעכטער בעל־תפלה, זיין שען קול האט נאך מעהר פערשענערט דאס דאווענען און זעהר גע-

אויף אויסצאהלען, דעם קליידער־שראנק, די נעה־מאשין און דערגלייכען בעקומט דער קויפער באלד נאך דער ערשטער ראטע און דעם רעשט צאהלט ער זיך אויס ביסליכווייז, מיט דער צייט. דאס פערקויפען און קויפען אויף ראטען איז אויך איין ארט שפארקאסע אין די טונקעלע קעלער־שטובען, וואו איין גראשען זעהט אנדערש נישט דען צווייטען.

דאס איז אבער נור איין זייט פון דער מעדאיל, די גוטע זייט, וואו די געקויפטע זאך קומט אן לייכט, ברענגט באלד נוצען און צאהלט זיך גאנץ אפט, ווי די נעה־מאשין אליין אויס. עס האט אבער, ווי אלע זאכען, נאך א צווייטע זייט און די זעהט שוין גאר אנדערש אויס.

דער פערקויפער מוז זיך רעכנען פאר דער צייט, פון דער ערשטער ביז דער לעצטער ראטע, א געוויסען פראצענט, און דער געהט גאנץ אפט איבער אין ליחווע.

דער פראצענט מוז זיין א גרויסער שוין דעריבער, ווייל דער קויפער גיט באלד ארויס די זאך, און די קויפער אויף אויסצאהלען זענען געוועהנליך נישט קיין רייכע לייט, עס פערשטעהט זיך, אז וואס קלייגער עס איז די זיכערהייט, גרעסער מוז זיין דער פראצענט.

דער פערקויפער מוז זיך נאך פערזיכערן, אז דער פרייז פון דער פערקויפטער זאך זאל ווערען אויסגעצאהלט ריכטיג צו דער צייט, ערשטענס — „צייט איז געלד", צווייטענס, — וואס מעהר פערלעגערטע ראטען, וועניגער זיכער איז דער חוב. דעריבער פערשרייבט מען קנס; נעמט אויף זיך דער קונה צו בעצאהלען שטראף פאר יעדען פערלאזטען טערמין, און דער שטראף פאלט נאך שווערער אויפ'ן ארימאן, עס איז שוין די צווייטע ליחווע. עס ווערט נאך געוועהנליך אויסגערעדט אלס שטראף, אז אויב דער קונה וועט פערשפעטיגען איין ראטע, ווערט די קניה בטל, די זאך געהט צוריק צום מוכר און די בעצאהלטע ראטען ווערען פערפאלען.

אום זיך נאך בעסער צו פערזארגען איז דער מוכר געפאלען נאך אויף איין המצאה, ער רעדט זיך אויס, און דער קונה התמ'ט איהם, אז די זאך, וואס ווערט געקויפט און פערקויפט אויף אויסצאהלען, געהט איבער פון מוכר צום קונה אלס אייגענטהום ערשט נאך דעם, ווען עס וועט אייגגעצאהלט ווערען די לעצטע ראטע, ביז דאהין אבער בעקומט זי דער קונה נור צום נוצען, און אזוי בלייבט די זאך אלס משכון פאר'ן געלד, חאטש זי איז שוין ביים קונה אין דער האנד, ווייל, דער קונה, אויב ער וועט זי פאר דער צייט פערקויפען אדער בעהאלטען, קען געריכטליך בעשטראפט ווערען פאר צואייגענונג (פריסוואיעניע).

דער נוצליכער קאנטראקט אויף אויסצאהלען איז אויף אזא אופן געווארען געפעהרליך פאר ארימע לייט און לעגט זיך זיי ווי א שטריק אויפ'ן האלז. צי האט זיך עמיין שלעכט בערעכענט און געמיינט אז ער וועט זיך קענען אויסצאהלען, צי עס האט עמיצען אין דער צייט פון אויסצאהלען איין אונגליקס־פאל געטראפען און ער איז שטעהען געבליי־בען, — פערליערט ער די זאך מיט'ן געלד צוזאמען און מען קען איהם נאך שלעפען אין געריכט אריין און בעשטראפען.

אמאל פלעגט מען זאגען, אז יעדער קאנטראקט, וואס מענשען בעשליסען און שרייבען אונטער מיט'ן פרייען ווילען, איז הייליג, איז פאר זיי א געזעץ, וואס מוז ווערען געהאלטען און אויסגעפיהרט. אין מיטעל־אלטער האט מען זיך געמעגט אויסרעדען אלס קנס אפילו א פונד פלייש פון קערפער; לויט די היינטיגע געזעצען קען מען זיך נור פערקנסען מיט געלד, און ווייל „ממון איז דמים" איז יעדע בעדינגונג וועגען געלד־שטראף וויכטיג און אויספיהרליך.

לייכט איז דאך איינצוזעהען, אז אין א קאנטראקט איז גאנץ אפט איין צד שטארקער און פרייער פאר'ן צווייטען און נוצט אויס די לאגע נישט עהרליך, נישט מאראליש, און אז דער געזעצגעבער מוז זיך אין דעם אריינמישען, נישט לאזען, אז דער שטארקערער זאל אויסניצען דעם שוואכערן.

ארויסגעהענדיג פון דעם שטאנדפונקט האט דאס געזעץ פערווערט ליחווע, לאזט עס נישט אויסצאהלען די ארבייטער מיט קוויטליך אויף שפייז און געטרענק, נאר מיט באר געלד, מאכט עס פעסטע טערמינען, ווען מען מוז דעם ארבייטער צאהלען וכדומה.

דאס רוסישע געזעץ נעמט זיך יעצט (ווי עס בענאכריכטיגט דער קוריער ווארשאווסקי נו' 398) צום רעגולירען דעם קאנטראקט אויף אויסצאהלען.

---

פרעהט די עטליכע ווייבער. ער האט אפילו אביסעל מאריך געווען, און געפו־טעט אין די עברי, נאר קיינעם האט דאס ניט געטשעפעט, אדרבה פאר וואס ניט אביסעל הנאה האבען פון דער וועלט, און אלע זענען געווען העכסט צו־פרידען, מע האט געיפטריט דעם ברית, דעם קליינעם יורעלע אפגעטהון זיין רעכט, און א צאפעלדיגען מיט פערפענטענטע הענדליך און פיסליך, רויט ווי א בוריקיל און א קוויטשענדיגען אהן אנ'אטהעם האט מען איהם משלח געווען צו די ווייבער און גענומען זיך צום מיטאג. א מיטאג האט בעריל געמאכט מיט דער פולער האנד כיד המלך; א מכנים אורח איז ער געווען אלע מאל, כפרט גאט האט איהם מזכה געווען דערלעבען דאס ערשטע אייניקיל, האט ער זיך ארויסגעגעבען, ווי מע זאגט, אויף ו אם די וועלט שטעהט, און האט קיין זאך ניט געקארגט. פלייש און פיש לרוב, גאנצע שיסלען „פשוט אהן חכמות" א צי־מעס פון צימעסלאנד מיט געפולטע העלזליך און ברוסט, אביסעל בראנפען פער־שטעהט זיך האט אויך ניט געפעהלט און דוקא א רעכט ביסעל, א גוטער טרא־פען ווירער „פשוט אהן חכמות", א היל ביסע־ שפירעט וואס מע רופט, און דער עולם האט זיך פעסט גענומען צו דער ארבייט בעריל האט זיך צוהוליעט, די ברייטע פעטע צורה מיט דער גרויסער געלע־ בארד האט געפלאקערט, די אויגען האבען ביי איהם געבלישטשעט דעם ווייב האט ער געריפען באבע, זיך — זיידע, געפאלען דעם רב אויפ'ן האלז קושען זיך, און האט ארויף גע־טראגען פון טיעפען קעלער א פלעשעלע פון אלטען בראנפען, געל ווי בוימעל. די געסט האבען זיך ניט געלאזט בעטען און האבען אפגעגעבען דעם אלטען שנאפס כל הכבוד. א כלל מע האט זיך פערבראכט בכבוד, שען און פיין. און איי־דער מע האט זיך ארומגעזעהן איז געווארען דער זייגער איינס. רבי זיינווילע האט א פאר מאל אפילו דערמאנט אז איהם איז צייט צו פאהרען, נאר בעריל האט גאר ניט געוואלט הערען, לחיים רבי, און ווידער לחיים, און טאקי „חיים רבי, הלואי זאל מען זוכה זיין, לחיים!"

גם ושתי המלכה עשתה משתה בבית הנשים. די בייבאך יכע האט אויך געמאכט א מאלציית אין קיך, פאר די דינסטען מיט'ן פאראבעק טיט א פאר שכנים, און אויך יורקע איז געווען פון די גערופענע געסט. יורקע האט זיך זעהר משמח געווען וואס מען האט דעם קליינעם יורעלע דארטען אין קרעטשמע געמאכט פאר א מענש, און האט זיך אויף דער שמחה ניט געלאזט בעטען, האט ארייגעגאסען אחת ואחת, צאפענדיג פון פעסיל פאר די אורחים, און איז קוים געשטאנען אויף די פיס.

אז דער רב האט זיך לסוף ארויסגעקליבען פאהרען אהיים איז שוין גע־ווען קרוב א זייגער צווי און עס האט אנגעהויבען ווערען טונקלער. אויפ'ן גאס איז געווארען חמארנע, דער פראסט איז געפאלען און א פריש שנייעלע האט זיך פאמעליך אנגעהויבען שיטען. דארעם איז רבי זיינווילען געווען אין פעלץ ווי אין אניאוויער, איבעריג האט איהם אויך גוט צעווארעמט, דאס אלטע ביסעל בראנפען איז א גוט פייער־טעפיל. דער שליטען האט זיך געלאט אהן רעש גע־גליטשט, דער ווייכער שניי האט זיך לאנגזאם געשאטען ווי פערשלאפען, און פול געמאכט די גאנצע לופט ווי מיט לייכטע פוך, רבי זיינווילע האט זיך גוט איינגעטוליעט, אריינגעקראכען ווי א קרויט אין דעם היי און — איז געשמאק אנשלאפען געווארען.

יורקע האט פון אנהויב וועג אביסעל געטרעטן צום פערד עפיס שלא כדרך און ווי מען איז אביסעל איינגעפאהרען איז ער — גם כן איינגעשלאפען און האט זיך פערלאזט אויף דעם וואס פיהרט די גאנצע וועלט, ער זאל אויך איהם פיהרען ווי צום בעסטען.

דער איינציגער וואכער און ניכטערער פון אונזערע רייזענדע איז גע־בליבען סיווקע דער אלטער גרויער פערד, נאר א פערד, מישטיינס געזאגט, בלייבט א פערד, און אז ער האט דערפיהלט אז ער איז אהן ארונים, אז פאר איהם איז א פרייע וועלט איז ער זיך באלד אראפ פון דרך הישר, און האט זיך געלאזט וואנדערען אויף וויטיגע וועגליך און שטעגליך. אויב איהם איז געלעגען אין זינען די זומערדיגע גרינע לאנקעס מיט דעם פרישען היי און ער האט זיך דאס אוועקגעלאזט זוכען יענעם שענע לאנד, אדער ער האט גלאט פערלארען דעם וועג און איז געגאנגען ווי א בלינדער, ווי די מעשה איז, ער האט זיך א היב־שע פאר שעה ארומגעשלעפט אהן א טאלק איבער וועגליך און שטעגליך, לאנ־קעס און וועלדליך, פערטראכטערהייט געהענדיג וואו די פיס האבען געטראגען פלוצלינג אבער האט ער עפיס דערזעהן אדער דערהערט, האט זיך דערשראקען, האט זיך א ווארף געגעבען אויף א זייט, פערטשעפעט מיט'ן שליטען אן א פיען,

נעמליך, דער פינאַנצמיניסטער לעגט פאָר אַ געזעץ, לויט וועלכען עס וועט דער קנס, וואָס דער פערקויפער רעד זיך אויס פאָר נישט האַלטען אַ טערמין, נישט טאָרען גרעסער זיין פאָר דער ראַטע און דער גאַנצער קנס, צוזאַמען פאַר דער גאַנצער צייט, וועט נישט טאָרען מעהר בעטרעפען ווי אַ צעהנטיל ווערט פון דער געקויפטער זאַך, און דער עקר: אויב דער פערקויפער וויל צוריק נעמען די פערקויפטע זאַך, ווייל דער קונה האָלט נישט קיין טערמין, מוז ער צוריק געבען דאָס געלד, וואָס מען האָט איהם ביז צו דער צייט איינגעצאָהלט, און ער האָט נור דאָס רעכט צו פערלאַנגען נוצגעלד פאַר דער צייט. דאָס נוצגעלד טאָרען די צדדים ניט אָבשאַצען פאָראויס, נאָר עס מוז יעדעס מאָל געשאַצט ווערען בעזונדער און בשעת מעשה.

צי וועט דאָס געזעץ, וואָס דער רוסישער פינאַנצמיניסטער לעגט פאָר, און די רעגירונג וועט זיכער בעשטעטיגען, ווירקליך בעשיצען דעם קונה געגען מוכר, אָדער דער לעצטער וועט נאָך געפינען איין אויסנעוועג אויסצומאַיען דאָס געזעץ, — דאָס וועט זאָגען די צייט. פ.

## פאָליטישע איבערזיכט.

נאָך די גרויסע שלאַכטען פון דער פאָריגער וואָך איז ווידער געוואָרען שטילער. די ענגלישע גענעראַלען האָבען בעקומען דעם בעפעהל אָבצוטרעטען זייערע ערטער און קיין זאַך ניט אונטערצונעמען ביז ס'וועלען ניט קומען נייע חיל און דער נייער גענעראַל ראָבערטס, וואָס נעמט איבער דאָס קאָמאַנדאָ אין אַפריקאַ. ענגלישע שיפען פיהרען נייע זעלנער און אין מיטען יאַנואַר וועלען שוין זיין אויפ'ן קריעגספלאַץ נייע 15,000 ענגלישע סאָלדאַטען. די פערשטאַרקונג פון דער ענגלישער אַרמעע וועט די טראַנסוואַלער נור דאַן ניט מאַכען קיין גרויסע שוועריגקייטען, ווען זיי וועלען ביז צו יענער צייט בעוויזען איינצונעמען לעדיסמיט, ווייל דורך דעם וועלען פריי ווערען 16000 בויערן, וואָס זענען איצט פערנומען מיט דער בעלאַגערונג. ווי עס ווייזט אויס, נעמען זיך איצט די טראַנסוואַלער ענערגישער צום קאַמפף מיט לעדיסמיט, אָבער צונעמען מיט געוואַלט און שטורם די שטאַדט וועלען מסתמא די טראַנסוואַלער ניט ריזיקירע וויל דאָס קען זיי קאָסטען צופיעל מענשען. די טראַנסוואַלערס אַרמעע איז זעהר קליין, פון וואַנעט צו נעמען נייע סאָלדאַטען און פון וועמען צו קריגען הילף האָבען זיי ניט. דערפאַר איז זיי טייער יעדער איינציגער מענש און דערפאַר סטאַרען זיי זיך אויסצומיידען ריזיקאַלישע שלאַכטען וואָס ס'זענען פערבונדען מיט גרויסע קרבנות פון זייער זייט. ביי דער שלאַכט מיט גענעראַל בולער האָבען די בויערן סך הכל פערלאָרען עטליכע און דרייסיג מענשען און פון דעסטוועגען האָבען זיי געצוואונגען די ענגלענדער אָבצוטרעטען פון זייער אָרט. ביי יענער שלאַכט איז אין אַ קורצער צייט געוואָרען אויסגעהרג'ט אַ גרויסער טהייל פון די ענגלישע אָפיצירען און אַלע פערד פון די האַראַמאַטען. ביי דער שלאַכט, אַזוי אויך ווי ביי די אַנדערע שלאַכטען, בעשטימען די בויערן אַ געוויסע צאָהל פון מענשען וואָס דאַרפען שפּעציעל זיך ציעלען אין אָפיצירען. די בויערן האָבען גוטעס געוועהר, זייערע ביקסען און האַראַמאַטען שיסען ווייטער ווי די ענגלישע, זייערע סאָלדאַטען האָבען שפּאַקטיווען און דאָס גיט זיי די מעגליכקייט אומצובריינגען ביי די ענגלענדער אַזוי פיעל מענשען.

די מלחמה הויבט אָן צו זיין צו שווער אי פאָר טראַנסוואַל אי פאָר ענגלאַנד. די טראַנסוואַלער וואָלטען זעהר שטאַרק געוואָלט, עס זאָל זיך אַריינמישען אַ פרעמדע רעגירונג און פאַרלעגען שלום. די טראַנסוואַלער ווילען ניט קיין לענדער צונעמען פון ענגלאַנד, זיי ווילען נור עס זאָל זיי געזיכערט ווערען זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, וועלכע ענגלאַנד וויל פון זיי צונעמען. צו דעם צוועק האָט ניט לאַנג הערר קרוגער זיך געווענדט מיט אַ בריף צום פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַטען, וואו די סימפּאַטיען צו טראַנסוואַל וואַקסען אַלץ שטאַרקער.

ענגלאַנד אָבער, האָטש זי איז זעהר אונצופרידען מיט דער רעגירונג, וואָס זי האָט זיך אַריינגעלאָזען אין אַ מלחמה מיט טראַנסוואַל, איידער זי האָט זיך צוגעגרייט צו איהר, איז נאָך אַלץ פון דעסטוועגען ווייט פון שלום אוו זי זוכט נאָך אַלץ מיטלען ווי גובר צו זיין די קליינע רעפובליק. אויפ'ן גרענעץ פון טראַסנוואַל, ביים ברעג ים ציהט זיך אַ פאָרטוגאַלישעס לאַנד דעלאַגאָאַ. דורך דעלאַגאָאַ וואָלט געוועזן די ענג-

---

און טראָך — רבי זיינווילע מיט להבדיל יורקע זענען געבליבען ליגען אין שניי.

אַז רבי זיינווילע האָט זיך ווי עס איז האַלב טויט האַלב לעבעדיג אַרויסגעקראַבקעט פון שניי און אויפגעשטעלט זיך אויף די פיס, איז דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז איהם דורכגעלאָפען ווי אַ בליץ דורכ'ן מוח געוועזן „שבת! גוואַלד שבת! עס איז איהם דורכגעלאָפען אַ פראָסט דורך אַלע גלידער און עס האָט איהם אָנגעהויבען טרעסלען ווי קדחת; אַ קאַטער שוויים האָט איהם אַרויסגעשלאָגען און ער איז געבליבען שטעהן ווי אַ ליימענער גולם, מיט גלעזערנע אויגען געקוקט אין געקוקט גלייך פאַר זיך, ניט וויסענדיג אויף וואָסער וועלט ער איז. יורקע האָט זיך געלאָזט האָפּען דעם פערד און פערריכטען דעם שפּאַן, און רבי זיינווילע איז אַלין געשטאַנען און געשטאַנען. דורכ'ן קאָפּ זענען איהם געפלויגען טויזענדער געדאַנקען, עס האָט איהם געהילכט אין די אויערן און שבת! שבת! שבת! האָט ווי טיטוס'עס פליג געעגבערט איהם אין מאַרך. אַז ער איז אַביסעל געקומען צו זיך איז געווען זיין ערשטע דעה — צי בלייבען דאָ און ניט ריהרען זיך פון אָרט, זאָל זיין וואָס עס וויל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום און אַרום. פון איין זייט איז געווען אַ וואַלד, היכע בוימער מיט לאַנגע געדיכטע צווייגען זענען געשטאַנען אָנגעבלאָזען און בייז און, משונה'דיג שטיל, פון דער אַנדערער זייט אַ גרויסע לאָנקע, ווייס און בלאַס ווי דער טויט, ווי אַ בית-עלמין, אויף וועלכען עס האָבען זיך אַרויסגעזעהן טויזענדער מצבות, קליינע קורטינעס, וואָס האָבען אַרויסגעקוקט פון שניי. די טיעפע חמאַרנע ווינטערנאַכט האָט אויף איהם געקוקט מיט טויזענד פערפראָרענע גלעזערנע אויגען, און איז פון אַלע זייטען געקראָכען צו איהם ווי זי וואָלט איהם וועלען איינשלינגען. רבי זיינוולען איז בעפאַלען טויט שרעקעניש, און דער רעיון צו בלייבען אין וואַלד איז שוואַכער געוואָרען, דער דאַרער שוואַכער גוף האָט זיך שטאַרק איזבונטעוועט געגען אַזאַ מסירת נפש, און מיט אַלע רמ"ח פערטרוקענטע אברים, מיט אַלע שס"ה שוואַכע אָדערען האָט ער געשריגען אין איין קול „לעבען, גוואַלד! איך וויל נאָך לעבען!" און רבי זיינווילע האָט אָנגעהויבען מודה זיין אַז בלייבען אין וואַלד איז טאַקי אַ גרויסע סכנה. ערשטענס די קעלט. פאָלגענדיג האָט ער אָנגעשעפּט פולע וואָוילעקעס מיט שניי, דער גאַרטיל האָט זיך אָבגעבונדען, און דער שפּיץ נאָז מיט די פינגער האָבען אָנגעהויבען פריערען און שטעכען ווי מיט נאָדלען. היינט גזלנים, מילא שדים האָטש עס שטעהט וועגען דעם אין ספרים קען זיין איז טאַקי אין אונזערע מקומות ניטאָ, אָבער גזלנים. אין שטעטיל פלעגט מען פיעל דערצעהלען פון זייערע מעשיות מיט זייערע גבורות, און אָט אָט שפּרינגען זיי אַרויס און מאַכען מיט איהם אַניעק. אמת, ער האָט ביי זיך ניט אַ גראָשען אין זיי האָבען ביי איהם ניט וואָס צו גזלניען, אָבער וואָס העלפט דאָס, פריער קוילעט מען און נאָכדעם ערשט ראַבעוועט מען, אַז מע וואָלט געקענט פריער ראַבעווען און נאָכדעם קוילען, וואָלט אוודאי געווען אַנדערש און פיעל מענשען וואָלטען געבליבען לעבען. אַ צוגאָב נאָך ווילדע חיות. צוריסען ווערען פון אַ חיה רעה איז אויך ניט קיין מאכל, און חיות איז אין וואַלד אָהן אַ שעור, און רבי זיינווילע האָט שוין אין זיין שרעקעניש געזעהן ווי עס קריכען פון די לעכער הונגריגע וועלף און גלאַנצען מיט די פייעריגע אויגען פון אונטער די קורטעס; דאָרט טרעשצעט עפּיס גרוועליג, דאָס קומט מסתמא רבי בער אַליין אין גרויסען פעלץ מיט די לאַפעס מיט די נעגעל און באַלד וועט ער איהם שמאָקצען דעם מאַרך, און גלאָט פיקס און מיני תאַזען און סתם חיות רעות. ניין, ניין ער וויל בשום אופן ניט שטאַרבען, און איז ניט מחויב צו שטאַרבען, פאָהרען איז אַ שבות, און כפרט אַזאַ שוגג. אַ קיצור, יורקע האָט צוגערעכט געמאַכט דעם שליטען און רבי זיינווילע האָט זיך מיט אוועהטאָג אין האַרצען ווי עס איז אַריינגעזעצט.

לא עליכם כל עוברי דרך! איך ווינש דעם ערגסטען שונא ניט אַזאַ נסיעה, ווי רבי זיינווילע האָט געהאַט. די לאַנגע לאַנגע חמאַרנע ווינטערנאַכט האָט זיך געצויגען אָהן אַ סוף, געשלעפּט ווי פון פעך. די גרויסע בעריאָזעס, מיט די הוילע דאַרע צווייגען, ווי שיטערע צופידערטע האָר, זענען געשטאַנען ביים וועג אין געשאָקעלט מיט די קאָסמאַטע קעפּ און געפינטעלט מיט די אויגען; די גאָבע דעמבעס, מיט ווייסע שנייענע קוטשמעס, זענען געשטאַנען ווי איינגעגראָבען און פערשעמט און שטיל געהורזעט. יונגע גרינע יאָלקעס האָבען אַרויסגעשטעקט די שפּיציגע קעפּליך פון אונטער דער שנייוויסע קאָלדרע און האָבען פערוואונדערט געקוקט ווי ר' זיינווילע פאָהרט אים שבת. און רבי זיינווילע איז געזעסען האַלב טויט און פערקלעמט און האָט געטראַכט און געזיפצט שווער און ביטער. דער שליטען האָט זיך געוואָרפען אין אַלע זייטען, געשלעפּט זיך אָהן אַ וועג איבער געאַקערטע פעלדער, קניטעס און בערגליך, יורקע האָט געשאָלטען מיט הילכיגע טויטע קללות דעם פוילען פערד וואָס האָט שוין קוים געשלעפּט

לענדער א סך גרינגער אריינצוטרעטען אין טראנסוואל. צוליעב דעם צוועק פיהרט איצט ענגלאנד פערהאנדלונגען מיט פארטוגאל אבצוקויפען ביי איהר דאס דאזיגע לאנד. די פערהאנדלונגען ווערען געפיהרט און געהאלטען בסוד, ווייל אין פארטוגאל האלט דאס גאנצע פאלק פאר טראנסוואל.

אין עסטרייך האבען זיך אלע פארטייען ווארם אבגעזעגענט מיט קלארי'ן, און צווישען זיי אויך די טשעכען, וואס האבען איהם אנגעמאכט אזוי פיעל שווירגקייטען און וואס האבען אין פארלאמענט איהם נעזידעלט און בעליידיגט. אלעמען פערדריסט וואס קלארי, דער וואס האט זיך אזוי פיעל מיה געגעבען צו ברייננען ארדנונג און שלום אין עסטרייך און צוריקצוגעבען דעם פארלאמענט זיין פריהערדיגע מאכט און צוריק צו שאפען אכטונג אין פאלק צום געזעץ, מוז אבטרעטען זיין ישטעל, אלע ווייסען גאנץ גוט אז צוזאמען מיט קלארי פאלט אויך דער פארלאמענט און די האפנונג אויף א גיכען שלום צווישען די עסטרייכישע פעלקער.

איין גוטע זאך האט דאך בעוויזען דאס מיניסטעריום אראבצונעמען די אבצאהלונגען אויף צייטונגען. דער אבצאהל עקזיסטירט ישוין פון לאנגע צייט אין עסטרייך און עס האט ישטארק געשטערט דער ענטוויקלונג פון צייטונגען און צייטשריפטען אין עסטרייך. פון לאנג אן איז אין לאנד געוועזען א שטארקער קאמפף געגען דעם אבצאהל. און ערשט איצט איז דער פערהאסטער אבצאהל אויף צייטונגען, וואס טראגען אריין ליכט און בילדונג אין פאלק, אבגעשאפט געווארען.

דער פרעזידענט פון נייען מיניסטעריום וויטעק איז ביז איצט געוועזען אייזענבאהן־מיניסטער. ער האט גערינט אין פערשידענע מיניסטעריען, וואס האבען געהאט פערשידענע ריכטונגען, די פראגען וועגען דעם קאמפף איבער די שפראכען אינטערעסירט איהם ווייניג. ער איז א טיכטיגער פערוואלטער און א עהרליכער בעאמטער, און איצט נעמט ער אויף זיך אויסצוארבייטען און צו בעשטימען דעם בודזשעט און צו רעגולירען פערשידענע פינאנץ־פראגעי צווישען עסטרייך און אונגארן. — זיין ערשטער ישריט איז געוועזען צו פערמאכען דעם פארלאמענט, ווייל ער מוז דאס אלעס דורכפיהרען לויט דעם 14טען פונקט פון דער עסטרייכישער קאנסטיטוציאן, פון וועלכען מיר האבען געשריבען אין פאריגער נומער. ווי לאנג וועט זיין דער פארלאמענט פערמאכט ווייס מען נאך ניט אויף געווים, מע רעכענט אז נור ביז מיטען יאנואר, ווייל ביז צו יענער צייט וועט ער בעוויזען דורכצופיהרען די געזעצען אויף וועלכע דער פארלאמענט האט ניט געוואלט מסכים זיין.

אין דעם לעצטען טאג פון דער פארלאמענטס־אספה האבען די דייטשען פארגעלעגט אז מען זאל דעם 14־טען פונקט אויסמעקען פון די געזעצען אדער אומענדערען, און דא האט זיך ארויסגעשטעלט די מאכט פון די סלאווישע מיטגלידער, וועלכע האבען אין דער קאמיסיאן געהאלטען אין דעם פונקט גלייך מיט די דייטשען, דא אבער האבען זיי אפגעגעבען זייערע שטימען געגען דעם פארשלאג פון די דייטשען. אויף אזא אופן איז דער 14־טער פונקט געבליבען און עסטרייך ווערט איצט ווידער רעגירט אהן פארלאמענט.

אין פראנקרייך געדויערט נאך אלין דער פראצעס פון די רעוואלוציאנערען. דער משפט געהט זעהר לאנגווייליג און ברייננט ווייניג נייעס, נאר פון צייט צו צייט רופט ער ארויס שקאנדאלען, וועלכע ווייזען וואס פאר געפעהרליכע גאלאוועשקעס מיט פייער האבען געברענט אין פראנקרייך, וועלכע ס'וואלטען געקענט אונטערצינדען דאס גאנצע לאנד, ווען זיי וואלטען ניט דורך דער ענערגישער ארבייט פון דער רעגירונג אויסגעלאשען געווארען. א נייעס שקאנדאל האט איצט געמאכט אין סענאט דערולעד. ער געהערט צו די קרעפטיגע און ענערגישע מענשען, וואס ווילען ברעכען ווענד און מויערן. אזא ארט צערישטערענדע ענערגיע געפעלט שטענדיג און עס איז זיך ניט צו וואונדערען, וואס דערולעד האט געהאט א סך אנהענגער אין פראנקרייך. פון דרייפוס'עס משפט אן האט ער זיך געשטעלט אין קאמפף געגען דעם אמת. דער קאמפף האט איהם געפיהרט אלין ווייטער, ביז ער איז געקומען צו דער פאדערונג, אז די גאנצע איצטיגע רעגירונג, מיט'ן פרעזידענט, מיט'ן פארלאמענט און סענאט דארפען אפגעשאפט ווערען און אז עס דארף געשאפען ווערען א נייע רעפובליקאנישע ארדנונג אין דער רעגירונג און פערוואלטונג. בשעת ס'איז געווען דעם פרעזידענטס פאר'ס לויה, האט ער געפרווט געווינען אויף זיין זייט די ארמעע, איהר איבערצורעדען צו געהן מיט איהם געגען

---

די פיס און פון וועלכען עס האט געשלאגען א פארע. און די נאכט, די לאנגע חמארנע נאכט האט געהויזעט אויף אלע פיער משונהדיג געקרעכצט, געסאפעט און געקוקט, געקוקט אויף דעם אונגליקליכען רבי זיינווילע, און געקלעמט געקלעמט איהם דאס הארץ, אהן אשיעור אהן אניעק. ערשט שפעט נאך האלבער נאכט האט זיך יורקע ארויסגעשלאגען אויף א וועג און דער שליטען האט זיך דערשלעפט צו עפיס אנ'אומבעקאנטע קרעטשמע, וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון א דארף, גאנץ אבגעזונדערט, מיט אבארג שניי אויפן שטרויענעם דאך און מיט אנגעפראָרענע קליינע פענסטערליך. — פאהרען ווייטער האט יורקע בשום אופן ניט געוואלט, דער פערד האט קוים געפלאנטעט מיט די פיס און רבי זיינזווילע איז ניט וועלענדיג אריין אין קרעטשמע, וועלכע עס האט איהם געעפענט אני אלטער בארוייסער פויער. אין קרעטשמע איז געווען פוסט און קאלט, די הויזלייט זענען טיעף געשלאפען אין דער זייטיגע קאמער, אויפ'ן טיש, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט א ווייס טישטוך, זענען געשטאנען שבת'דיגע מעשענע לייכטערס און זענען געלעגען ברעקליך פון דער וועטשערע.

ר' זייגזויל האט זיך אהן כחות אוועקגעלעגט אויף דער הארטער לאנגער באנק, מיעד איז ער געווען ווי מוצאי יום כפור, דער קאפ האט גערוישט די קעלט האט איהם געטרייסעלט דורך און דורך, און דאך האט ער לאנג ניט געקאנט שלאפען, צו פערטרייבען די טרויריגע געדאנקען, האט ער געפרופט זאגען „על חטא", מכוין זיין הרהור תשובה, חזר'ן אויסווענינג משניות, און ערשט אין א צייט ארום איז איהם בעפאלען א שווערער שלאף. ער איז געלעגען ווי א קלאץ און טיעפע זיפצער האבען אפט געשטערט זיין אטהעם.

און די לאנגע ווינטערנאכט האט זיך אלץ געצויגען און געצויגען, ביז עס האבען אנגעהויבען קרעהען העהנער, און דורך די פערפ־ארענע פענסטער האט זיך אנגעהויבען ארייגקוקען א סערע ליכטיגקייט. יודקע גלאמפ, דער קרעטשמער, האט זיך שוין געשמאק א יסגעשלאפען און חאטש שבת האט ער ניט געהאט וואס צו טהון פארטאג, איז ער פון געוואנהייט אויפגעשטאנען, ברייט אויסגעגענעצט זיך, ארויפגעשלעפט דעם פעלציל און ארויס פון קאמער — אין קרעטשעם אריין. ער זעהט, איינער ליגט אויפ'ן באנק און חראפעט. ער געהט צו, טהוט ארוק אונטערען קאלדער — און פלוצלינג איז ער געבליבען שטעהן ווי אנ'איבערגעשמיסענער דער רב!!! ער האט זיך גענומען רייבען די אויגען און זיי ניט געוואלט גלויבען. דער רב ליגט זיך צונויפגעדרייט אין דרייען, מיט א בלייכען פנים, ליגט און שלאפט, רבונו של עולם, וואס טהוט זיך מיט מיר, בין איך שכור, צי משוגע, עס קען ניט זיין. ער לויפט ארויס אויפ'ן גאס און פרעגט דעם קעלנער, און יורקע זאגט זיך פראסט אז דאס איז טאקע דער רב, אין פאהרט פון א ברית. יודקען האבען זיך די האר אוועקגעשטעלט קאפויר, דער שווערער מוח האט אנגעהויבען ארבייטען, און פלוצלינג האט זיך יודקע געגעבען א פאטש אין שטערן, אז דער שארבען האט געטרעשציט. יורקע בהמה! וואס פערשטייסטו ניט. מסתמא האב איך א טעות געהאט און היינט איז ניט שבת, נאר פרייטאג אדער זונטאג. יע יע, אנדערש קען ניט זיין א גאנצע וואך איז מען פערדרעהט און פערהארעוועט מיט די פויערען, און עס איז קיין חדוש ניט אז מע זאל פערגעסען, וואו מע האלט אין דער וועלט נא דיר אניעסק! ווי יורקע איז געוועזען פראסט און א גרויסער עם הארץ, פון דעסטוועגען, האט ער בעקומען שרעקליכע יסורים, און ניט געוואוסט וואו ער זאל זיך אהין טהון פון ביזיונות. שטייען אזא חרפה, א יוד, זאל ניט וויסען ווען צו פראווען שבת, עס וועט ראך מיט איהם אויף זיין די וועלט, ער וועט די אויגען ניט קענען ווייזען אין שטעדטיל, און דא דארף מען נאך אנקומען צו לייטען, א מאייד ווי א קלאץ, וואס מע דארף טהון א שרוך. געוואלד, וואס טהוט מען? יודקע איז געוועזען א פראסטער חי וקים, לאנג טראכטען האט ער ניט געקענט, און ער האט זיך באלד געחאפט צו דער ארבייט, פעררריכטען ווי עס איז דעם טעות און פערגלעטען ווי ווייט מעגליך, גאט צו דאנקען דער רב שלאפט געשמאק, אפשר האט ער נאך גאר ניט געמערקט און קיינער וועט פון דער גאנצער מעשה ניט וויסען, קודם כל האט ער אקארסט אראפ געחאפט די לייכטער פון טיש, אראפגעשלעפט דעם טישטוך און גענומען זיך מאכען וואכעדיג אין שטוב

די ווייב מיט די קינדער האט ער באלד ארויס געהויבען פון בעט, און געהייסען אנטהון זיך וואכעדיג און נעמען זיך צו די וואכעדיגע מלאכות. די יורענע האט אפילו געפרופט ניט וועלען פאלגען, נאר יורקע איז אריין אין כעס, האט שטיל געשיפעט ווי אשלאנג „בהמה, רייד ניט", ביז זי האט פערשטאנען און אין שטוב איז געווארען א „ותהום", אגאנצער יריד, דעם קוגעל מיט דעם גאנצען טשאלענט האט מען שטילערהייט געבעטען מחילה און משלח געווען לעזאזל,

דעם פרעזידענט לובע. די אַרמעע איז געבליבען טריי דער רעגירונג און דערולעדען האָט מען אַרעסטירט. ביי זיין מִשְׁפָּט האָט ער אָנגערופען דעם פּרעזידענטען מיט די שענדליכסטע ווערטער, ער איז אָבער פון פּראָצעס אַרויס פריי. איצט האָט מען איהם חוֹשֵׁד געווען אַז ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבען געוואָלט אומוואַרפען אין פראַנקרייך די רעפּובליק. דערולעד'ן האָט מען נאָך אַמאָל אַרעסטירט און איצט געהט זיין פּראָצעס אין סענאַט. ביי דער לעצטער זיצונג האָט ער ווידער אַזוי שטאַרק בעליידיגט דעם סענאַט און דעם פּרעזידענטען, אַז איידער עס האָט זיך נאָך געענדיגט זיין פּראָצעס, האָט מען איהם שוין אָפּגע׳מִשְׁפָּט פאַר די בעליידיגונגען צוויי יאָהר געפענגניס. מיט דעם צוזאַמען וועט ער אויך פערלירען זיין אָרט אין פּאַרלאַמענט, וועלכען ער האָט אַלס דעפּוטאַט. י. ל.

# בריעף פון ארץ־ישראל.

## IV

18 יאָהר קעמפפען מיר אין ארץ ישראל,

מיר קעמפפען זייט דער גאַנצער צייט אָהן אַנ׳אויפהער און נור אונזער בעשטענדיגער קאַמפף האָט צו אונז צוגעצויגען פיעלע טויזענדער פון אונזערע ברידער אין חוּץ לָאָרֶץ. דאָס איז אַ קאַמפף פאַר אונזער אידעאַל, און דערום קען ער נור לאַנגזאַם, רוהיג, אָבער אויך אָפט מיט פיעל ליידען און קָרְבָּנוֹת דורכגעפיהרט ווערען. דאָס איז אונזער קאַמפף פאַר דער אויפלעבונג פון אונזער הייליגען לאַנד, אונזער פערגעסענער רייכער הייליגער שפּראַך פון אונזער פערפאַלגטען, צווייטען פאָלק!

איך וויל אייך ניט שרעקען, מיינע ליעבע ברידער און שוועסטער מיט דעם וואָס איך רוף אָן די שטילע, רוהיגע אַרבייטער פון אונזערע ערשטע קאָלאָניסטען — פאַר אַ קאַמפף מיט אָפּפער מיט ליידען און שמערצען, ווייל די וואָס ווילען פאַר איין אידעאַל אַרבייטען טאָרען זיך ניט שרעקען; די וואָס דענקען אָבער דאָס עס ערוואַרטעט זיי דאָ באַלד מילך און האָניג און ביי דעם ערשטען אָפּפער פערלירען זיי אַלעס, די טויגען ניט פאַר אונזערע זעלנער, די קענען אין די פאַרפאַסטען ניט שטעהען...

די פאַרפאַסטען זענען אַלע אונזערע ביז איצט געגרינדעטע קאָלאָניען מיט זייערע קאָלאָניסטען און אַרבייטער, פון ווייט אין צפוֹן פון דער קאָלאָניע מְתוּלָה ביז דָרוֹם פון דער קאָלאָניע קאַסטיניע; פון מִשְׁמַר הַיַרְדֵן אין מִזְרָה און רִאשׁוֹן אין מַעֲרָב זענען צעוואָרפען אונזערע איינינע און צוואַנציג פונקטען, וועלכע האָבען אונז אַזוי פיעל געלד, צייט, און אָפּפער געקאָסט; דאָ אין גְדֵרָה איז געפאַלען פון אַ קויל איין יונגער העלד איין אַרבייטער; דאָרט אין קאָסטינע איין שרעקליכער בעפאַל פון הונדערטער ווילדע אַראַבער; אין וואַדי־האַנין געקוילעט איין קאָלאָניסטען, אין פּתח תקוה דערהרגעט דריי; דאָרט געשטאָרבען פון פיעבער, יונג און אַלט; דאָרט געליטען פון אויגען, הונגער און דאָרשט; ליידען קער־פערליכע, ליידען מאָראַלישע — יאָ, עס איז איין לאַנגער שווערער קאַמפף געוועזען!...

און אונזערע פּיאָנערען קענען מיט שטאָלץ ווייזען וואָס זיי האָבען אויפגעטהון פאַר אונזער גייסטיגער אויפלעבונג; זיי קענען ווייזען די שענע קאָלאָניען, וואו עס זענען ביז זיי וויסטע לענדער געווען; די שענע פעלדער, די רייכע וועלדער, די בליהענדע גערטנער, זיי קענען ווייזען די הונדערטער קינדער, פון וועלכע מען הערט אונזער קלינגענדע, אויפגעלעבטע שפּראַך...

אַ בעזונדער שווערער קאַמפף איז אויסגעפאַלען אויף איינע פון אונזערע גרעסטע קאָלאָניען חֲדֵרָה, נאָך דעם שטח לאַנד וואָס די קאָלאָניע בעזיצט (איבער דרייסיג טויזענד דונאַם) איז זי די גרעסטע אין גאַנץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אָבער אויך איהר צוקונפט איז איינע פון די בעסטע און זיכערסטע, וועלכע עס קען נור געבען ווען די חדרה'ער העלדען וועלען נור אימשטאַנד זיין אויסצוהאַלטען. חדרה איז ניט נור גוט פאַר אַקערבוי, נאָר אויך פאַר וויינגערטנער; זי האָט אויך לאַנד פאַר באַיאַרעס (פּאָמעראַנצען און ציטרינען), זי האָט אויך לאַנקעס פאַר פיה; אַ האַלבע שעה פון דער קאָלאָניע האָט זי איהר אייגענעם פּאָרט ביים יַם, וואו עס קומען זומער די זעגעלשיפען אָבצונעמען די בעריהמטע אין דער גאַנצער געגענד אַרבוזען, וואַסער־מעלאָנען. אויך געטריידע און אַנדערע פּראָדוקטען.

אייגגעהייצט דעם אויבען, און גענומען האקען און קלאפען. יורקע אליין האָט אויסגעטראכט אירע מיטלען צו מאכען וואָס וואכעדיג׳ר און פערטרייבען יעדען חשד, ער האָט געקאָמאנדעוועט מע זאָל איינמאכען אדויזע מיט ברויט, האָט אנגעטהון די אלטע היטעל מיטן פערשמאָלצענעם פעלץ, אויף איין ארבעל פארקאשערט און גענומען לייגען תפלין און זאָגען ברכות. די גרויסע מזיר האָט בעקומען אקלאפ און ניט געסמייעט אפיפס טהון נאָר געגלאָצט מיט די אויגען און געשיילט בולבעס. מיט איין וואָרט, אין איין ווייל האָט זיך איבערגעביטען די גאנצע דעקאראציע און פון אשטילען רוהיגען שבת־פריה איז געוואָ־ען אטומולדיגער וואָכען טאָג, מיט אלע קליפעררליך, און אז רבי זיינוויל האָט זיך לסוף אויפגעכאפט און געעפענט די אויגען, האָט ער אנגעקוקט די קרעטשעם מיט דיזעלבע שטומע פערענדערונגען פונקט ווי פריהער אווילע האָט אויף איהם געקוקט יודקע, און האָט אויך ניט געקענט פערשטעהן וואָס דאָ טוהט זיך. געקומען איז ער שבת ביי נאכט, דאָס טישטוך איז געלעגען און די לייכטער, צוויי מעשענע עדות זענען געשטאנען אויפ׳ן טיש און אָהן דבורים עדות געזאָגט אז עס איז שבת אויף דער וועלט, און יעצט איז שוין גאָר אין דער וואָכען. ווי רבי זיינוועלין איז געווען אויפ׳ן הארץ קענט איהר אליין פערשטעהן, יעדער געדאנק וואָס האָט איהם דערמאנט זיין אומגליק און זיין פאַלאָזעניע, האָט איהם געלעכערט ווי פיילען, און ער איז חאָטש גערען געוועזען אז יודקע האָט איהם אריינגערוקט שלום און אָבגעטרעטען בלומרשט ווי ער האלט און דאווגען. יורקע האָט מורא געהאט אריינלאזען זיך אין לאנגע דבורים, און רבי זיינוווילע האָט אויך ווייניג חשק געהאט מאכען אגרויסען וועסרען פון זיין קומען. נא, האָט ער געטראכט, ווי עס ווייזט, איז ער אגאנצען מעת לעת אָפגעלעגען ווי טויט אין הינערפלעט, און אז ער האָט הערזעהן דורכ׳ן פענסטער אז יורקע האָט שוין איינגעשפאנט האָט ער בשפה רפה אָפגעזאָגט יודקען דעם זייט געזונד און ווי אגנב ארויס געמאכט זיך פון שטוב.—

און ווידער איז געשטאנען אשענער ווינטער פריה מאָרגען. דער בלויער הימעל האָט בעשיינט די וועלט, דער פרישער שניי האָט געגלאנצט און געחרנסצעט אונטער דעם שליטען, די זון האָט פרעהליך געשיינט און האָט אויסגעשאָסען אין אגאָלדענעם געלעכטער, שווארצע וואראָנעס זענען לוסטיג און לעבעדיג אריינגעשפרונגען איבער׳ן וועג, און א פרישער ווינטעלע האָט געשפיעלט מיט די בוימער און געפלוידערט מיט די צווייגליך, וועלכע זענען געווען בעהאָנגען מיט זילבערנע קריסטאלענע פליטערליך, ווי קארשענבוימער מיט בליהונג. די נסיעה האָט ניט לאנג געדויערט און פונקט אויף אזייגער אז דער גאנצער עולם איז געגאנגען פון שול און בעת די גאס איז געווען פול מיט אויסגעפוצטע ווייבער און יודען מיט טליתים אונטער די פּלייצען און עס האָט זיך געהערט פון אלע זייטען „גוט שבת, גוט שבת", איז ווי אדונער צווישען אשטאדע שעפסען אריינגעפאלען דער שליטען מיטן רב, וועלכער איז נאָכן ערשטען גוט־שבת וואָס האָט איהם אקלונג געגעבען אין די אויערען געפאלען אין חלשות.—

עטליכע וואָכען איז רבי זיינוועלע געלעגען קראַנק אויף געהירן ענטצינדונג, איז געווען אגרויסער מסוכן, און האָט געפּאָכעט מיט דער נשמה. די שטעדטיל האָט זעהר מיטלייר געהאט מיט איהם, קיינער האָט ניט געסמייעט לאכען פון זיין אומגליק, אדרבה, אפילו דער צד שכנגד איז געוואָ־ען צו געטהון צו איהם, געגאנגען איהם יעדען טאָג מבקר חולה זיין און געהאָלפען ווי ווייט מעגליך. בערקע באיבאך האָט דאָס לעבען געלייגט, געשיקט אייער און הינער און פלעש־יך וויין, מיט אמזומני׳עם גראָשען אויך. באלד ווי ער איז געזונד געוואָרען האָט ר׳ זייגווילע צוזאמען גערופען דעם עולם, האָט שטארק געוויינט און האָט זיי אָפגעגעבען דעם כתב־רבנות מיט דעם חשבון פון תלמוד תורה. עס האָט ניט געהאָלפען קיין ביט און קיין בעט, ער איז פעסט בעשטאנען דארויף אז איוד וואָס איז געפאָהרען אים שבת דארף און טאָר קען רב ניט זיין אין א יודישער שטאָדט, און קרוב פאר־פסח איז ער ארויס געפאָהרען; אין גאנצען ערגיץ ווייט אין חערסאנער גוב׳, וואו ער איז געוואָרען א מלמד, און ווי איך האָב געהערט לעבט ער אין גרויס דחקות, ער טהוט נאָך אלץ תשובה אויף די אונשולדיגע עבירה, פאסט אונטער אָפט א שני־וחמישי, און יעדען פרייטאָג געהט ער ארום קלייבען אויף חברה שימרי־שבת אין נעכטיגט אין שול.

ל—ן.

ליידער אָבער איז דער קלימאַט פֿון חדרה דער ערגסטער אין גאַנצען לאַנד, דורך די גרויסע, ביז פֿיער טויזענד דונאַם זומפּפען, וועלכע געפֿינען זיך אין דער קאָלאָניע הערשט דאָ, איבערהויפּט צום ענדע זומער, דער געפֿעהרליכער געלבער פֿיעבער, די מאַלאַריאַ. די חדרה'ער קאָלאָניסטען האָבען עס גאַנץ גוט געוואוסט; מען האָט זיי עס פֿאָרויס געזאָגט, אָבער זיי זענען ביי זייערס געבליבען; צו אַרבייטען אויף דעם פּלאַץ אַזוי לאַנג, ביז דער קלימאַט וועט זיך פֿאָלקאָמען אויסבעסערען. — „פּתח תקוה" האָט אויך די ערשטע יאָהרען געליטען, האָבען זיי געזאָגט, און זיי האָבען אויסגעפֿיהרט, דער פּלאַץ איז יעצט געזונד; מיר ווילען אויך אַזוי לאַנג קעמפּפען ביז חדרה וועט אויך בליהען, ווי די איבריגע קאָלאָניען! אין דער צייט האָט דער געוויסער נָדִיב, דער באַראָן ראָטשילד, זיך גענומען פֿערפּלאַנצען די זומפּען מיט קאָליפּטוס בוימער דורך וועלכע דער קלימאַט ווערט פֿערבעסערט; עס זענען איבער 200 טויזענד פֿערפּלאַנצט געוואָרען, אין דערזעלבער צייט אָבער זענען פֿון פֿיעבער געשטאָרבען עטליכע יונגע קאָלאָניסטען, דעם פֿאָריגען יאָהר זענען אין איין וואָך אַליין געשטאָרבען צוויי יונגע לייט פֿון צוואַנציג יעהריגען אַלטער; אייניגע פֿאַמיליען זענען אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען!...

און די קאָלאָניסטען זענען דאָך אויף דעם פּלאַץ געבליבען! קיינער פֿון זיי איז אַוועק פֿון דעם אָרט, אויף וועלכען מען האָלט געוועהנליך נור מיט געוואַלד גרויסע פֿערברעכער... אונזערע קאָלאָניזאַטאָרס זענען אויך צו הילף געקומען די אומגליקליכע מענשען, וועלכע האָבען נאָך ביז דאַן קיין רעכטע וואָהנונגען געהאַט און זיך געוואַלגערט אַלע צוזאַמען אין איין „חָן", ד. ה. אין אַ גרויסער שטאַל אָבגעטהיילט אויף קלענערע צימערליך, ליידער אָבער איז די הילף ניט אויף דער ריכט[illegible]ר אָרט געגעבען געוואָרען. אין ז[illegible] פֿיעבער לענדער שפּיעלט די וואָהנונג די הויפּט ראָלע; דער פֿיעבער איז אימער שטאַרקער וואָס נעהענטער מען איז צו די ערד, וואו עס האַלטען זיך אויף די מיקראָבען און וואָס העכער פֿון דער ערד מיט דעם וועניגער מיקראָבען געפֿינען זיך אין דער לופֿט. דערפֿאַר ווערען אומעטום וואו די פֿויערן עקזיסטירען נור, די הייזער געבויט צוויי שטאָקיגע; אונטען פֿאַר מאַגאַזינען, שטאַלען, און אויבען די וואָהנונגען; אַזוי איז אין אינדיען, אמעריקאַ, אַפֿריקאַ. — אונזערע קאָלאָניזאַטאָרס אָבער האָבען זייערע פּרינציפּען, און פֿרעגען גאַנץ וועניג אַנדערע און איבערהויפּט די קאָלאָניסטען, נאָך מעהר בְּעֵת דיעזע ברויכטען צו זיי מיט וואָס עס איז אַנצוקומען! זיי זאָגען דאָס דער קאָלאָניסט מוז לעבען אין אַ קליין שטיבעלע; מעג עס זיין אין געזונדע שטעלען אָדער ניט; זיי געהט ניט אָן די פּראַקטיק פֿון אַנדערע לענדער, אַנדערע פֿעלקער, אַבי דער פּרינציפּ: יודישער פֿויער זאָל דורכגעפֿיהרט ווערען... ערשט נאָך איין יאָהר צייט האָט מען זיך איבערצייגט, דאָס אויף דעם פּלאַץ איז אונמעגליך דאָס די חֲדֵר'ער זאָלען פֿערבלייבען. מען האָט אויסגעבויט זומער באַראַקען ביים יָם, אַ האַלבע שטונדע פֿון דער קאָלאָניע. עס איז איין דאָקטאָר אויף דעם פּלאַץ אַוועקגעזעצט געוואָרען, די קאָלאָניסטען האָבען זיך ווייטער פֿעסט געהאַלטען און ניט געטראַכט אָבצוטרעטען. עס איז אָבער איין צווייטער פֿעהלער געמאַכט געוואָרען! אַם געפֿעהרליכסטען איז צו בלייבען אויף אַזוינע שטעלען ווען מען אַקערט אויף די פֿערפֿעסטעטע זומפּען, אַם ענדע זומער; דאַן ווערד די לופֿט איינפֿאַך פֿערפֿעסטעט.

דער באַראָן האָט פֿון זיין זייט איין גרויסען אָפּפֿער ווידער געמאַכט; ערלויבט אַלעס אָנוועגדען, מיט אַ פֿרייען קרעדיט, די זומפּען אויסצוטרוקענען און זיי צו פֿערפּלאַנצען. מען האָט געגלויבט אַז די באַראַקען ביים יָם וועלען העלפֿען צו פֿערבלייבען דאָ, ביז די אַרבייט וועט געענדיגט ווערען (דאָס מוז געדויערען אַ פּאָר יאָהר).

עס איז אָבער צום אַלגעמיינעם שרעק אָנגעקומען די נאַכריכט אַז אויך אין די באַראַקען זענען אין דער וואָך צווישען ראֹש־הַשָּׁנָה און יוֹם־כִּפּוּר ווידער געשטאָרבען צוויי מענשען: אַ יונגערמאַן פֿון 35 יאָהר, טישלער קאַפּלאַן, און אַ יונג קינד פֿון אַ יאָהר 12, סמאָלניק.

דער דאָקטאָר האָט אויסגעהאַלטען דאָס יאָהר און איז פֿון דעם פּלאַץ אַוועק.

מען מוז, ביז די זומפּען וועלען פֿערפּלאַנצט ווערען, דורכאויס פֿון דעם פּלאַץ אַוועק אויף אַ פּאָר יאָהר און דאַן קען מען זיכער זיין אַז די קאָלאָניע וועט זיין איינע פֿון די רייכסטע אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל.

ווערט מען אָבער אַלע נייטהיגע מיטעל אָנווענדען — איז נאָך אַ פֿראַגע. די חדר'ער קאָלאָניסטען, די טאַפּפֿערע העלדען זענען אויך בערייט זאָגאָר, ווען מען וועט זיי ד[illegible] מעגליכקייט ניט געבען דיעזען שריט צו מאַכען אימער אויף דעם פּלאַץ צ[illegible] פֿערבלייבען, ביז ער וועט ניט אויפֿגעבויט ווערען, עס מעג קאָסטען וויפֿיעל אָפּפֿערס!.. יאָ, ליטרי[illegible]ער, שווער איז דער קאַמפּף, האָטש ער געהט ש[illegible]ל אָהן געשרייען. פֿיעל קָרְבָּנוֹת האָט שוין געקאָסט דער קאַמפּף, די פֿערבליבענע אָבער קעמפּפען מיט דאָפּעלטע טאַפּפֿערקייט, מיט דאָפּעלטען מוטה! און אויף די קְבָרִים פֿון די צעהנדליגער קָרְבָּנוֹת וועלען אויפֿגעבויט ווערען אונזערע קאָלאָניען, אונזערע שטעדט; וועט צוריק אויפֿגעלעבט ווערען אינזער אַלטעס פֿערוויסטעס פֿאַטערלאַנד, און דאַן ערשט וועט די געשיכטע דערמאָנען יעדען פֿון דיעזע העלדען. ווער פֿערשטעהט אָבער איצט דאָס גרויסקייט פֿון דעם קָרְבָּן וואָס זיי ברענגען זייער פֿאָלק? ווער טראַכט אָבער איצט וועגען אונזערע ברידער, וואָס קעמפּפען מיט קראַפֿט און מוטה פֿאַר אונזערע צוקונפֿט?

דער אַלטער ציוניסט.

## יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדְט און שְׁטֶעדְטְלִיךְ.

כְּטֶבַע טהון נאָך קליינע די גרעסערע. די קליינע שטעדטליך טהון אויך נאָך די גרעסערע שטעדט. צום בעדויערן אָבער טהון זיי דאָס רוֹב נאָך די שלעכטע אָדער פּוסטע זאַכען און די גוטע וויכטיגע איינפֿיהרונגען אין די גרויסע שטעדט בעמערקען זיי אֲפִילוּ ניט.

מען האָט אויפֿגעהערט ווי אַ מאָל יעדען טאָג געהן אין שוּל דאַווענען שַׁחֲרִית, מִנְחָה און מַעֲרִיב און מען געהט דאַוונען פֿון איין שַׁבָּת צום אַנדערען ווי אין די גרויסע שטעדט, מען האָט אָנגעהויבען זיך קליידען נאָך דער מאָדע ווי אין די גרויסע שטעדט, יודישע כַּלּוֹת האָבען אָנגעהויבען אַנשטאָט אַ „דעקטוך" זיך פֿערדעקען מיט אַ דינעם ווייסען טול אונטער דער חוּפָּה, ווי אין די גרויסע שטעדט. די קליינשטעדטילדיגע חַזָּנִים וואָס פֿלעגען אַ מאָל זינגען ביים דאַוונען מיט זיסע יודישע נִגּוּנִים האָבען אָנגעהויבען אויך נאָכטהון די גרויסשטעדטיגע קאָר־חזנים און דאַוונען נור מיט אַ „נעמבע" מיט אַ „באַס". אַ מאָל פֿלעגען קליינשטעדטילדיגע געהן איינס צום אַנדערען „גוט־יום ביטען", היינט געהט מען מיט „וויזיטען" א. ד. ג.

דאָס אַלעס וואָלט נאָך קיין אומגליק ניט געוועזען, ווען מען זאָל אויך נאָכטהון די וויכטיגע זאַכען.

איינס פֿון די גוטע זאַכען איז, וואָס די גרויסע שטעדטיגע געמיינדען זאָרגען וועגען זייערע רַבָּנִים אַז זיי זאָלען בְּכָבוֹד האָבען זייער פַּרְנָסָה ד. ה. זיי זאָלען וואָהנען שען, קליידען זיך אַנשטענדיג, ניט וויסען פֿון קיין נויט. יעדער האָט פֿאַר זיי דֶּרֶךְ־אֶרֶץ און פֿונ'ם קלענסטען ביז דעם גרעסטען גיט מען אָב דעם רַב כָּבוֹד.

אין די קליינע שטעדטליך וויל מען דערפֿון ניט וויסען:

אין ד ר אָ ז ש נ ע (פּאָד. גוב.), שרייבט דער „המליץ", געפֿינען זיך פֿיעל גְבִירִים און פֿערמעגליכע בַּעֲלֵי־בָתִּים און זייער רַב מיט זיין פֿאַמיליע ליידען הונגער. זייערע געזיכטער זעהען אויס ווי די מֵתִים און דער רב זעלבסט געהט אין צוריסענע שענדליכע קליידער. די דראָזשנער גבירים ווילען דערפֿון ניט וויסען.

ניט נור אין דראָזשנע, נאָר דאָס מעהר פֿון די, די וואָס האָבען דאָס אומגליק צו זיין רב אין אַ קליין שטעדטיל, לעבען ניט בעסער; זייער וואָהנונג, זייערע קליידער, זייער טיש איז ווי ביים ערגסטען אָרימאַן, און זיי לעבען שטענדיג מיט זייערע פֿאַמיליעס אין גרויס נויט, דערצו איז דער רב אָבהענגיג פֿון יעדען, פֿון גרעסטען ביז דעם קלענסטען. וועגען דרך ארץ האָבען, וועגען אָבגעבען כבוד איז נאָר ביי אַזאַ לאַנג קיין רעדע ניט. פֿערקעהרט עַזּוּת פָּנִים, ער מוז דער רַב אָפֿט אויסהערען און שווייגען. —

אַט די קליינשטעדטילדיגע רַבָּנִים וואָס זיצען זייער גאַנץ לעבען עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה זענען בֶּאֱמֶת קְדוֹשִׁים, אֱמֶת'ע קָרְבָּנוֹת.

שוין צייט אַז יעדע יודישע געמיינדע זאָל פאַרשטעהן, אַז ווען זייער רב לעבט אין דַחֲקוּת און געהט שענדליך געקליידעט, איז דאָס אַ גרויסע שאַנדע פאַר זיי זעלבסט, פאַר יעדען יודען. זיי ברויכען זיך שעמען ווי גלייך זיי זעלבסט זאָלען חו"ש געהן שענדליך געקליידעט.

אַ רַב איז דער פאָרשטעהער, דער שפּיגעל פון שטאָדט און יעדער יוד פון גרויס ביז קליין איז מאָראַליש מְחוּיָב צו זעהן, אַז דער רַב מיט זיין פאַמיליע זאָלען פיהרען אַ בְּכָבוֹד'יג לעבען.

אין דער זאַך מעגען די קליינשטעדטילדיגע נאָכטהון און זיך אָבלערנען פון די גרויסע שטעדט. אויך מעג מען נאָכטהון קיעוו. דער דאָרטיגער קאָרעספּאָנדענט "לְבָנוֹן" שרייבט אין דער זעלבער צייטונג: איינער פון אונזערע דאָקטוירים, ד. י. בענדערסקי איז געוואָרען אַ "מְלַמֵּד" פון מִצְוָה וועגען. ער האָט גענומען לויט געזעץ אַ מְלַמֵּד'שע "סווידעטעלסטווע" און האָט אויפגעעפענט אַ "חֶדֶר" מיט אַ שילד אויף זיין נאָמען. דער חֶדֶר איז פאַר אָרומע קינדער. 2 לעהרער האָט מען געדונגען אויף העברעאיש לערנען. פאַר אנדערע שפּראַכען, רעכענען א. ד. ג. זענען דאָ אומזיסטיגע לעהרער. — דער ציוניסט ה' לאַזינסקי געפינט זיך אויך צווישען זיי.

מעהר אַזוינע דאָקטוירים וואָס אויסער קראַנקע היילען זיי אויך געזונדע, מעהר אַזוינע ציוניסטען, וואָס אויסער קלויבען שְׁקָלִים, קלויבען זיי אָרומע קינדער און מאַכען פון זיי מענשען.

אין אָדעס געפינט זיך אויך אַ ציוניסט וואָס האָט די טעג געוויזען אַ גרויס בְּרִיָה'שאַפט. דער צייטונג "בודושטשנאָסט" שרייבט מען וועגען דעם: אויף איינעם פון די לעצטע מאַסקען־בעלער פון דער "רעטונגס געזעלשאַפט אויף וואַסער" איז געקומען איינער אַ הערר, אָנגעטהון אין מאַסקען־קליידער, אויף וועלכע עס האָט זיך געפונען איין אויפשריפט "יונגער יוד". אויף די פלייצעס איז געווען אויפגעקלעבט אַ לאַנדקאַרטע פון פאַלעסטינאַ, אויף דעם האַרץ אַ וויזיט קאַרטאָטשקע פון ד"ר הערצל מיט איין אויפשריפט "אִם אֵין אֲנִי לִי מִי לִי" (אויב איך וועל ניט טהון פאַר זיך ווער דען וועט טהון פאַר מיר?) אויף דעם קאַפעליש זענען געהאַנגען דריי קאָלירענדיגע לענטעס מיט אויפשריפטען: "1־טער באַזעלער קאָנגרעס", "2־טער באַזעלער קאָנגרעס", "3־טער באַזעלער קאָנגרעס". אין די הענד האָט ער געהאַלטען אַ פאָן מיט אויפשריפטען אויף איין זייט: "ווידער אויפלעבען", און אויף דער צווייטער זייט: קיין באַנק האָט ניט אַזוי פיעל אַקציאָנער־ען ווי די ציוניסטישע".

אויף די אַבענדס געפינען זיך מייסטענטהיילס אָפיצירען. דער קאָסטיום האָט אויף דער געזעלשאַפט געמאַכט אַ אונגעהויערען איינדרוק(?) די אָדעסער ציוניסטען און ניט ציוניסטען זענען זעהר אויפגערעגט פון דער געשיכטע.

אויף דעם צווייטען טאָג איז דער פריסטאַוו געקומען צו דעם "ציוניסט" (?) און האָט איבערגעשריבען אַלע אויפשריפטען.

וואָס איז דאָס? פרעגט די צייטונג, אַ נאַכקרימעניש אָדער אַ משוגע'נע רעקלאַמע?

דאָס איז אַ משוגענער ציוניסט — קענען מיר ענטפערען אויף פּראָסט יודיש, ווארום דער ציוניזם נייטהיגט זיך ניט אין קיין רעקלאַמעס, נאָר עס איז בעוואוסט אַז יעדע בעוועגונג רופט אַרויס איהרע מְשׁוּגָעִים. עס געפינען זיך פערשיעדענע ציוניסטען אַזוי ווי עס געפינען זיך פערשיעדענע יודען. ווער קען ערקלערען וואָס פאַר אַ יוד עס איז ר' מענדיל מילער פון סלאָנים (גראָד. גוב.)? די חֲבֵרָה ציוניסטען, — שרייבט פון דאָרט די דערמאָנטע צייטונג, — האָבען בעשלאָסען דעם זעקסטען טאָג חֲנוּכָּה, שבת צו נאַכטס, זיך צוזאַמען קומען אין דער גרויסער סלאָנימער שול און בענשען חֲנֻכָּה ליכט. וועגען דעם האָבען זיי מוֹדִיעַ געווען אין אַלע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים.

אין דער בעשטימטער צייט זענען געקומען צו דער שול עטליכע הונדערט מענשען, נאָר אַלע טהירען פון שול זענען געווען פערשלאָסען...

ווי עס האָט זיך נאָכהער אַרויסגעוויזען, האָט דאָס אָבגעטהון דער סטאַראָסטע פון שול ר' מענדעל מילער, ווייל ער האָט זיך בעליידיגט וואָס מען האָט איהם דעם שבת ביים אויפרופען צו דער תורה ניט געגעבען קיין "עֲלִיָה". עס איז צו בעמערקען, אַז דער זעלבער ר' מענדעל צוזאַמען מיט דער רב ה' הורוויץ האָבען פריהר ערלויבט די ציוניסטען צוזאַמען געהן זיך אין שול. זיי האָבען זיך דערצונערייט, נאָר דער גרויסער עולם איז אומזיסט געשטאַנען נעבען דער שול און דער רעגען האָט זיי געוואַשען.

איינער דערצעהלט אין דער אַנטיסעמיטישער צייטונג "ראָלאַ":

פאַרנאַכט בין איך אַרויסגעגאַנגען אַביסעל אין גאַס, איך גיב אַ קוק אין קלויסטער לייכט זיך, איך געה אַריין און זעה עס איז אַ חֲתוּנָה: אַ חתונה אַ גרויסאַרטיגע, נאָר עפּיס שמעקט מיר ניט מיט איינענס... איך גיב אַ קוק: עטליכע יודליך דרעהן זיך. איך פרעג און דערוויס זיך אַז עס האָט חתונה איין אייניקעל פון איין בעוואוסטען פויליישען גראַף מיט אַ יודישער טאָכטער פון פּראָסטען שטאַנד וואָס רופט זיך "גילדערנע פּען", אָדער "זילבערנע בליישטיפט", גענוי ווייס איך ניט. דער עיקר בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז די כַּלָּה, אַ פּראָסטי באַנקערסקי "שָׂרָה" האָט זיך איבערגעביטען אויף "הענריקע" אָדער "סטעפאַניאַ" און עטליכע טעג פאַר דער חתונה איז זי געוואָרען אַ קריסטען, כְּדֵי זי זאָל קריגען דעם טיטעל "גראַפיניאַ". און דער גראַף האָט מיט איהר החתונה געהאַט צו ליעב די צוויי מאָל הונדערט טויזענד רובעל נָדָן וואָס שטאַמען פון פּראָצענט און פון אַנדערע אַזוינע געשעפטליך...

די פּיס האָבען אונטער מיר אָנגעהויבען ציטערען וואָס אַזאַ גרויסאַרטיגע פוילישע פאַמיליע, אַזאַ צירונג קריעכט אַריין אין יודישע הייזער און פאַר וואָס? פאַר דעם גראַשען, וואָס ער איז צוזאַמען גענומען געוואָרען פון פּראָצענט!..

איז שוין אַ זעלכע צייטען היינט, דאָס אפילו אַזאַ געלד וואָס קומט אַרויס פון מיסט און געמאַכט פון שווינדעל שמעקט יעדען און קיינער פרעגט נישט: קערבעל פון וואַנען קומסט דו אַרויס?.. נאָר איך האָב מיר געטראַכט, דאָס דער גראַף האָט אַ גליק וואָס איך בין נישט זיינס אַ קרוב, ווארום דאַמאָלס אַז איך וואָלט איהם געטראָפען מיט דער געשעפטס־פרוי, אָדער איך, אָדער ער וואָלט געבליבען אַ קאַליקע."

איך מוז מוֹדֶה זיין אַז גראַדע אין דעם האָב איך אין דער "ראָלאַ" ניט געפונען קיין שום אַנטיסעמיטיזם, וואָס דאָס איז זעהר זעלטען, איך האָב מעהר ניט געפונען אַז דער "ראָלאַ" געפעלט ניט דער שידוך, און איך קען פערזיכערען אַז מיר געפעלט אויך ניט דער שידוך און ווען די פרישגעבאַקענע יודישע גראַפיניאַ זאָל מיר אָנקערען אַ קְרוֹבָה וואָלטען איך פון איהר ניט געמאַכט קיין קאַליקע, נאָר איך וואָלט געזאָגט: געה, געה, וואוהין דו ווילסט, נור בלייב ניט צווישען אונז. פוילע בלעטער ווע זיי פאַלען, זאָלען זיי מיסטיגען אַנדערע פעלדער...

עס ענדיגט זיך דער נייצעהנטער יאָהרהונדערט און — עס האָט זיך אָנגעהויבען דער סעזאָן פון אויסשרייבען צייטינגען. פאַר אַ יאָהר הונדערט אין דער צייט האָט קיין שום יוד ניט געוואוסט פון אַזוינע זאַכען און יעצט האָבען מיר זיך פערלעבט צוויי טעגליכע צייטונגען אויף לְשׁוֹן קוֹדֶשׁ און יודישע צייטונגען אויף עִבְרִי־טייטש. צום סעזאָן האָבען זיי אָנגעהויבען וואַקסען אין דער לענג און אין דער ברייט, איינע פאַר דער אַנדערער וויל גרעסער ווערען; נעכטען האָט איינע אָנגעהויבען געבען איהרע אַבאָנענטען מעהר פּאַפּיער און אַז די צווייטע האָט דאָס דערזעהן האָט זי נאָך מעהר פּאַפּיער צוגעזאָגט געבען איהרע אַבאָנענטען אויף דעם נייעם יאָהר הונדערט. און די אומאַניער אַבאָנענטען ווייסען גאָר ניט וואָס צו טהון אין דעם יעצטיגען סעזאָן.

איינער פון זיי שרייבט אונז פון אומאַן (קיעוו. גוב.): אין אונזער שטאָדט צעהלט זיך ביז 24 טויזענד יודישע איינוואָהנער, צווישען זיי 3 אַבאָנענטען אויף דעם "המליץ", 3 אויף דער "הצפירה", 3 אויף דעם "יוד" און 3 אויף דעם "וואָסחאָד". ד. ה. 1 אַבאָנאַמענט אויף צוויי טויזענד יודען, קיין עין־הרע. מיר אומאַניער אַבאָנענטען טראָגען זיך יעצט אַרום מיט די פאַר רובעל און ווייסען דערוויל ניט וואָס צו טהון, דער

קאָפּ דרעהט זיך פראָסט, שיקען דאָס געלד אָדער אֶפְשר נאָך אַביסעל צו וואַרטען, פיליכט וועט זיך מאָרגען־איבערמאָרגען אַרויסהאָפּען איינע פון אונזערע צייטונגען וואָס וועט נאָך מעהר פּאַפּיער צוזאָגען.

אַ פּאַפּירענעם יאָהרהונדערט און מען קאָנקורירט מיט פּאַפּיער.

צום נייעם יאָהר, אויף דעם צוואָנציגסטען יאָהרהונדערט ווינשען מיר אונזערע אַלע צייטונגען זיי זאָלען אָנהויבען קאָנקורירען ניט נור מיט פּאָפּיער, נאָר אויך מיט דעם אינהאָלט. אֱמֶת

מען שרייבט אונז:

י"ל ס—ווער פון יעליסאָוועטגראָד: די היגע חברה צו העלפען יודישע אָרומע לייט האָבען דעם 5-טען דעצעמבער געעפענט אַ ביליגע כשרה קיך פאַר אָרומע לייט. די קיך געפינט זיך אין אַ שענעם מקום וואָס ה' חיים מיט זיין פרוי הינדע כלאבאדסקי האָבען אויף זייער רעכנונג אויסגעבויט און אוועקגעשענקט צו דעם צוועק.

ריזעלבע הערר און פרוי סלאבאדסקי האָבען אויך געשענקט אַלע נייטהיגע כלים וואָס די קיך ברויכט.

ביים עפענען די קיך איז צוזאַמענגענומען געוואָרען נדבות 500 רובל, צווישען די מנדבים איז אויך געווען דער שטאָדט-גאלאווא און דער פּאָליציימייסטער.

ישראל פון ווארנאוויצא: נעבין אונזער שטעדטיל בויט זיך א באַהן און פיעל יודען האָבען דאָרט בעקומען אַרבייט.

בן פון מינסק: ביי אונז ווערט געעפענט אַ נייע מעדכענשולע פאַר אָרומע קינדער אויף צו לערנען מלאכות.

אברהם ש—ן פון זיטאָמיר: אויף דעם אָבענד וואָס אונזערע ציוניסטען האָבען געמאַכט דעם 7-טען טאָג חנוכה האָבען זיך געפונען ד"ר כהן-בערנשטיין און די פּאָעטען ש. פרוג און ה. זינגער. אונזער ראַבינער ד"ר סקאָמאראווסקע האָט אין נאָמען פון די ציוניסטען געראַנקט די געשעצטע געסט.

ד"ר סקאמאראווסקע האָט געהאַלטען אַ רעדע אויף ריסיש, ד"ר כהן-בערנשטיין אין זשאַרגאָן, ה' פרוג און זינגער האָבען געלעזען זייערע געדיכטע. אויף דעם צווייטען טאָג זענען די געסט אוועקגעפאָהרען, אַ גרויסער עולם האָט זיי בעגלייט. ה' פרוג האָט פון זיינע פערעהרער בעקומען געשענקט אַ קראַנץ בלומען.

## די יודישע וועלט.

עסטרייך. די טשעכישע אנטיסעמיטען. די טשעכישע אנטיסעמיטען ווילען זיך שוין מעהר נישט בעגנוגען מיט אויסשלאָגען יודישע פענסטער א. ד. ג. זיי האבען זיך יעצט גענומען דרוקען יודען אויף אַנ'אנדער אופן. די פויערען אין תאָטצען האבען געמאכט איין אספה און בעשלאָסען צו מאכען אייגענע מערק און קראמען צו פערקויפען זייער תבואה, מען זאל ניט דארפען אנקומען צו יודען. די סטאליארעס, וועלכע זענען אויך געווען אויף דער אספה, האבען אויך בעשלאָסען צו מאכען א חברה'שען מאגאזין צו פערקויפען זייער ארבייט.

— פראנץ סמאלקא. עס איז געשטארבען דער ערשטער פרעזידענט פון עסטרייכישען פארלאמענט פראנץ סמאלקא. די גאליציאנער יודען בעדויערן זעהר זיין טוידט. דען ער איז געווען זייער בעשיצער און האט פיעל מיטגעהאלפען זיי זאלען בעקומען אין יאהר 1868 גלייכע רעכטע מיט אלע. ער האט געטהון טובות נישט נור דעם כלל יודען, נאר אויך יחידים, און דאס גאנצע פאלק, הן יודען הן קריסטען, האבען אויף איהם געלעגט גרויס כבוד.

סמאלקא איז געווען א הייסער פוילישער פאטריאט, ער איז געווען א גרויסער מענשענפריינד און האט שטענדיג געקעמפפט פאר די רעכטע פון אלע געדריקטע און פערפאלגטע.

פאר זיין אנטהייל אין דער פוילישער מרידה פון יאהר 1831 האט מען איהם געהאט געמשפט צום טוידט, נאר מען האט איהם דערנאך מוחל געווען. די רדיפות פון די יודען אין בעהמען האבען איהם זעהר בעטריבט, און ער האט פון הארצען פיינד געהאט די אנטיסעמיטען. זכרו לברכה!

פראָפעסאר מאסאריק געגען פאָלנאער עלילות דם. אין דער וויענער צייטשריפט „די צייט" איז געדרוקט א בריעף פון פראפ' מאסאריק אלס אנטווארט אויף די וידלערייען פון דעם „דייטשען פאלקסבלאט". מאסאריק בעווייזט דאס די עקספערטיזע אין פאלנאער פראצעס איז געווען דורכאויס נישט ריכטיג. די עקספערטען האבען אפילו אבגעלייקענט די זאך, אבער זיי האבען פון דעסטוועגען מודה געווען, דאס זייער עקספערטיזע האט פיעל פעהלער.

יודישע פאלקסביבלאטהעק. אין ברין (מעהרען) האט זיך געמאכט א חברה וואס איהר צוועק איז צו גרינדען א יודישע פאלקסביבלאטהעק, אין וועלכער זאלען געלייענט ווערען אויך פערשיעדענע רעפעראטען איבער יודישע געשיכטע אין ליטעראטור.

רוסלאנד. = סענאטס ערקלערונגען. דער סענאט האט אין זיין לעצטער אלגעמיינער זיטצונג ערקלערט דאס דער בעפעהל פון 14 טען אפריל 1899 וועלכער פערוועהרט יודען וואס האבען ראס רעכט צו וואהנען אויסער דער „טשערטא", צו צושרייבען צו זייערע פאמיליעס אלס קינדער אנדערע יודען, וואס האבען ניט דאס רעכט צו וואהנען אויסער דער „טשערטא", בלייבט אין זיין קראפט אייך אויף ווייטער.

= דער „וואָסחאָד" מעלדעט דאס עס איז ניט ריכטיג די ידיעה וואס מעהרערע צייטונגען האבען געבראכט אז עס איז ארויס א נייער בעפעהל מען זאל ניט מעהר געבען יודען די ערלויבניש צו זיין „הויז לעהרער". דאס מיניסטעריום האט אין דער לעצטער צייט וועגען דער שאלה קיינע נייע בעפעהלען נעגעבען און יודען מעגען זיין „הויז לעהרער" ווי ביז איצט.

= אין לובלין האט זיך געעפענט א שבת-דיגע שולע פאר יודישע מערכען. יעדער שבת ביי נאכט קומען צוזאמען די קינדער פון ארימע עלטערן וואס א גאנצע וואך זענען זיי פערנומען מיט ארבייט, און מען לערענט זיי דארט לעזען און שרייבען רוסיש, פאלניש און רעכענען, דאס איז פארלייפיג די צווייטע שבת-שולע וואס איז געעפענט געווארען אין די יודיש פוילישע שטעדט. עס וואלט זעהר רעכט געווען אז די איבריגע יודישע קהילות אין פוילען זאלען דאס נאכטהון, כדי אויך די קינדער פון אונזערע ארימע ברידער זאלען זיך ניט הארעווען ווי שטומע און בלינדע וואס קענען ניט רעדען, קענען ניט שרייבען און רעכענען. מיר וואלטען אבער אויך ווינשען, אז אין די שולען זאל מען ניט פערגעסען און יודישע ענינים, און וואו עס איז ניט מעגליך זיי אויך צו לערנען אביסעל לשון קודש זאל מען זיי תאטש לערנען לעזען עברי און פון צייט צו צייט פירען מיט זיי בעשפרעכונגען וועגען יודישער געשיכטע און זיי ערקלערען, וואס בעדייטען די יודישע ימים-טובים, יודישע העניתים און בכלל איינפלאנצען אין זיי גוטע מדות און ליעבע צו זייער יודישען פאלק.

= אין דעם נו. 25 פונים „יוד" האבען מיר נאכדערצעהלט פון דעם „ווארש דניעווניק" דאס אין נאווא-אלעקסאנדריע האט מען ניט געוואלט ארייננעהמען אין דעם דארטיגען שפיטאל 3 אבגעברי‌הטע פריען וועלכע מען האט געבראכט פון א שריפה דערפאר ווייל זיי זענען געוועזן יודישע. דער דאקטאר פון דעם שפיטאל, אין א בריעף וואס ער האט געשריעבען צום „ווארשאיודנעוו." לייקענט עס אב אין פערזיכערט, דאס מען האט זיי יא געוואלט העלפען און רעטען, נאר עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. די אונגליקליכע זענען באלד געשטארבען.

= די צעכען. די ווארשעווער פיליאלע פון דער רוסישער געזעלשאפט צו שטיצען דעם האנדעל און האנדווערקעריי האט געפינען פאר גלייך פארצולעגען מען זאל ענדערען דאס געזעץ פונים יאהר 1816, און מען זאל אויך אין די פוילישע שטעדט ערלויבען יודישע בעלי מלאכות זיך צו פערשרייבען אין צעך פון די ארבייטער, ווי עס פיהרט זיך אין גאנץ רוסלאנד. צו דעם צוועק האט מען צוזאמען גערופען די פארשטעהער פון די צעכען און מען האט זיי ערקלערט, דאס אזוי ווי די רעגירונג זארגט זיך זעהר דערפאר אז די האנדווערקעריי זאל זיך ענטוויקלען ווי געהעריג, דעריבער איז נייטהיג און וויכטיג אז אלע בעלי מלאכות, מענער און פרויען, קריסטען און ניט קריסטען זאלען זיין פערשריבען אין צעך און שטעהן אונטער זיין אויפזיכט. דערויף האבען אייניגע פון די פארשטעהער געענטפערט דאס זיי קענען דאצו נימז מסכים זיין. זייערע טענות זענען דאס אויסער וואס די מיטגליעדער פון יעדער צעך זענען פעראייניגט דורך דעם פאך, דורך דער מלאכה, פערבינדט זיי נאך אויך צוזאמען די רעליגיאן. יעדער צעך האט זיין הייליגען און זיין יום-טוב און אז זיי וועלען צולאזען אויך נישט-קריסטען אלס מיטגליעדער וועט דאס געוויס שלעכט ווירקען אויף זייער רעליגיאנס-געפיהל. נאך לאנגע וכוחים האט די פערזאמלונג בעשלאסען מיט 80 דעות געגען 20, דאס מען זאל דאס געזעטץ ניט ענדערען און מען זאל אויך ווייטער ניט צו לאזען קיין בעלי מלאכות פון אנדערע רעליגיאנען זיך צו פערשרייבען אלס מיטגליעדער פונים צעך. —

די יודישע געמיינדע אין ווילנא האט בעקומען פון דעם ניט לאנג פערשטארבענעם ד"ר פין א וויכטיגע ירושה: זעהר א רייכע ספרים-ביבליאטהעק, וועלכע עס האט א צייט לאנג געקליבען זיין פאטער, דער גרויסער יודישער געלערטער, ר' שמואל יוסף פין ז"ל. אונלענגסט איז געווען א אסיפה פון די ראשי הקהילה צוזאמען מיט די יורשים פון ד"ר פין, און זיי האבען בעשלאסען אז די יודישע געמיינדע זאל אויסבויען נעבען דער גרויסער שול איין בעזונדער בנין פאר דער ביבליאטהעק. צו דעם צוועק האבען די יורשים געגעבען א געוויסע סומע געלד וואס דער ד"ר פין ז"ל האט איבערגעלאזען דערויף, און די געמיינדע פון איהר זייט וועט אויך צו געבען שטיצע, אום עס זאל זיין גענוג אויף די קאסטען פונ'ם בנין און צו דער אויסהאלטונג פון דער ביבליאטהעק. מען האט באלד אויסגעקליבען א קאמיסיע וואס זאל זיך בעשעפטיגען מיט דעם בויען און ווי עס איז צו האפען וועט מען צוטרעטען צו דער ארבייט באלד פון אנהויב זומער. —

ציוניסטישע חברות אין קיעוו. אין קיעוו איז געווען דעם 24-טען נאוועמבער איין פערזאמלונג פון אלע דארטיגע ציוניסטישע חברות. אין אלע חברות איז דא בערך 500 מיטגליעדער, מען האט אויסגעוועהלט ד"ר מאנדעלשטאם צום פרעזידענטען פון קאמיטעט. מען האט

איינגעטהיילט די מיטגליעדער פֿון קאמיטעט אין 5 קאמיסיאנען, 1) פֿאר פינאנ 2) פֿאר אגיטאציאן 3) פֿאר שולען, 4) פֿאר ליטעראטור און 5) פֿאר קאנטראל.

די צייטונג בודושטשנאסט מעלדעט: דורך דער איניציאטיווע פֿון דעם בעקאנטען יודישען שרייבער ד"ר ל. ס. קאצענעלסאהן, האבען זיך אין פעטערבורג צוזאמען גענומען איניגע וואס שעטצען און ליעבען די העברעאישע שפראך און האבען געמאכט א פעראיין וועלכער נעהמט זיך פֿאר מיטצוהעלפֿען עס זאלען ווערען וואס מעהר געדרוקט גוטע ספרים און ביכער אין דער העברעאישער שפראך. אלס פרעזידענט פֿון דעם פֿעראיין איז אויסגעקליבען געווארען דערזעלבער ד"ר קאצענעלסאהן.

די יודישע קאלאניע ראמאנאווקא. פֿון דער יודישער קאלאניע ראמאנאווקא (חערסאנער גוב׳) שרייבט מען אין „בודושטשנאסט“:

הונדערט וויערסט פֿון חערסאן, אין א שענעם טהאל ליעגט א יודישע קאלאניע ראמאנאווקא. די קאלאניע איז גוט איינגעריכטעט. די הייזער זענען גרויס און ברייט, און פֿאר יעדען איז דא איין גארטען. די קאלאניע איז געגריגדעט מיט 60 יאהר צוריק פֿון פאלאצקער יודען; די ערד איז איינגעטהיילט אין 90 חלקים, פֿין 60 דעסיאטין יעדער חלק. די ערד געהערט דער ממשלה און איז אוועקגעגעבען געווארען די קאלאניסטען אויף אייביגע ארענדע. די פֿעלדער זענען זעהר ווייט פֿון דארף און דארום מוזען די קאלאניסטען אין דער ארבייטצייט פֿערלאזען זייער הויז מיט ווייב און קינדער און ארבייטען אין פֿעלד די גאנצע וואך. ווינטערצייט פֿערנעהמען זיי זיך מיט פֿערשיעדענע מלאכית. דער דעלעגאט פֿין מיניסטעריום צו ערדארבייט ה׳ יעלאציץ, וועלכער האט פֿאריגען זומער בעזוכט ראמאנאווקא, איז געוועזען זעהר ציפֿריעדען פֿין דער קאלאניע. אין ראמאנאווקא איז דא א שולע, אין וועלכער מען לערנט רוסישע שפראך, רעכענען און גימנאסטיקע.

סענאטס-ערקלערונג. דער פעטערסבורגער גראדאנאטשאלניק האט נישט געוואלט געבען איין ערלויבניש דעם סוחר פֿין ערשטער גילדע ה׳ אלבערט ווילקאריסקי אין פעטערבורג צו האלטען ביי זיך דעם יודישען פריקאשצשיק טיטעלמאן, וועלכער האט אליין נישט דאס רעכט צו וואהנען אויסער דער „טשערטא“. דער משפט איז געקומען פֿאר דעם סענאט אין דער זיצונג פֿין 27-טען יאנוואר 1899, און ער האט געפסקנ׳ט, דאס א יודישער סוחר ערשטער גילדע מעג האלטען ביי זיך יודישע פריקאשצשיקעס, אויך ווען זיי אליין האבען נישט דאס רעכט צו וואהנען אויסער דער „טשערטא“

חמשה עשר בשבט. אין פעטערבורג וועט חמשה עשר בשבט געמאכט ווערען א אבענד, וואס זין רכנסה וועט געהען פֿאר דער אדעסער חברה צו ישוב ארץ ישראל. דער אבענד וועט האבען פֿין אנהייב ביז סוף א נאציאנאלען כאראקטער. מען וועט פֿארלייענען קאפיטלען פֿין דער יודישער געשיכטע, און פֿארשטעלען פֿערשיעדענע היסטארישע מאמענטען דורך לעבעדיגע בילדער מיט הילף פֿון א מאגישער לאנטערנע. דער פאעט פֿרוג וועט פֿארלייענען א שיר איבער חמשה עשר בשבט, מען וועט אויך מאכען א צוג וועלכער וועט פֿארשטעלען יודישע ארבייטער און גערטנער פֿון ארץ ישראל ווי זיי קומען צוריק פֿון דער ארבייט.

סענאטס ערקלערונג, דער ערשטער דעפארטאמענט פון סענאט אין זיין בעפֿעהל פֿון 8-טען אפריל 1899 לויט נו. 4129 האט ערקלערט דאס א יודישער בעל מלאכה וואס וואהנט אויסער דער „טשערטא“ ווייל ער בעשעפֿטיגט זיך מיט זיין פֿאך האט דאס רעכט זיך צייטענווייז צו פֿערדינגען אויף אנדערע ארבייט וואס קעהרען זיך ניט אן צו זיין פאך. דער בעפֿעהל איז הערויסגעגעבען געווארען דורך דעם פראצעס פֿון משה פֿריעדמאן א איינבינדער וועלכער האט א געוויסע צייט זיך פֿערדונגען פֿאר א קאנדוקטאר ביי דער שטעדטישער פֿערד-אייזענבאהן. מען האט איהם דערפֿאר געוואלט ארויסשיקען צוריק אין דער „טשערטא“, דערויף האט ער איינגעגעבען א ביטע אין דעם סענאט וועלכער האט ערקלערט ווי אויבען איז געשריעבען. (בודושצנאסט).

איין אבענד פֿון דער חברה צו פֿערברייטען בילדונג אונטער די יודען אין רוסלאנד, די געגאנטע חברה האט דעם 24-טען נאוועמבער געמאכט איין אבענד. די הכנסה דערפֿין איז געוועזען בעשטימט פאר ארומע סטודענטען. מען האט געשפיעלט מוזיק פֿין רובינשטיין, דער קינסטלער ה׳ מיימון האט פֿארגעשטעלט לעבעדיגע בילדער: „די מאררנען אין שפאניען“, „דער רב פון בברך“, „שיילאק פון באראנאוו“.

*

דייטשלאנד. נייע ציוניסטישע חברות אין דייטשלאנד. אין איניגע דייטשע שטעדט האבען זיך געגרינדעט ציוניסטישע חברות. אין באדען און אין די רהיין-פראווינצען איז ענטשטאנען איין ציוניסטישער קאמיטעט, און די פֿיהרער פֿין איהם זענען אנגעזעהענע מענשען. אין דרעזדען האט מען געהאלטען א רעפעראט איבער ציוניזם, און עס האלט זיך דארט ביי גרינד׳ען א חברה, וואס זאל זיך בעשעפֿטיגען מיט לערנען לשון קדש. דאס איז בוודאי א נייע זאך פֿאר דייטשלאנד!

*

טערקיי. איודישער שפיטאל אין סאלאניקי. די בארא̈נעסע הירש האט אבגעזאגט דער יודישער קהלה אין סאלאניקי 200,000 פֿראנק, און יעצט האט די קהלה בעקומען די ערלויבעניש פֿון סולטאן צו בויען פֿאר דעם געלד א יודישען שפיטאל. מען האט שוין געקויפֿט א פלאץ, און מען וועט קירצליך אנהויבען בויען.

*

ארגענטינא. אין בוענאס איירעס (ארגענטינא) ערשיינט א זשארגאן-בלאט מיט דעם נאמען „El Sionista“ דאס בלאט ווערט ארויסגעגעבען פֿין דער ציוניסטישער חברה „ליגא טהעאדאר הערצל“, און ענטהאלט ידיעות איבער די קאלאניעס און דער ציוניסטישער בעוועגונג אין ארגענטינא.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

עסטרייך. געגען מלחמות. די טעג איז אין וויען געוועזען א גרויסע אסיפה פֿון די וואס ווילען עס זאל קיין מלחמה ניט זיין; זיי רופען זיך די שלום פֿריינד. די פֿיהרערין פֿון אזא חברה אין עסטרייך איז א געוויסע באראנעסע פֿאן זוטנער. אויף דער אסיפה האט די דאזיגע פֿרוי געהאלטען א גרויסע רעדע וועגען שלום. זי האט גערעדט מיט געפֿיהל וועגען דער מלחמה, וואס ס׳איז יעצט צווישען ענגלאנד און טראנסוואל. „דאס איז זעהר טרויריג — האט באראנעסע זוטנער געזאגט — אז יעצט נאך דער בעוואוסטען קאנפֿערענץ אין האאג, וואס מע האט געהאפֿט דאס עס וועט אומעטום זיין שלום צווישען אלע פֿעלקער, ווערט פֿערגאסען אזוי פֿיעל בלוט אין אפֿריקא“. „נאר פֿונדעסטוועגען — האט די באראנעסע געענדיגט איהר רעדע — דארפֿען מיר ניט פֿערלירען די האפֿנונג, דאס סוף כל סוף וועלען די שלום-פֿריינד אויספֿיהרען. אמת יעצט זענען די דאזיגע נאך ווייניג און אין ענגלאנד, ווען זיי האבען זיך צוזאמענגעקליבען האט מען זיי געווארפֿען מיט בלאטע. אבער ווי באלד אונזער אידיאל איז א הויכער וועלען מיר מנצח זיין“. — ווייטער האט די באראנעסע דערצעהלט, דאס אין יאהר 1900 וועט זיין אין פאריז א גרויסער קאנגרעס פֿון שלום-פֿריינד, אויף דער אויסשטעלונג אין פאריז וועט זיין אפֿולע בילדער און פֿאטאגראפֿיעס, וועלכע שילדערן די שרעקליכקייט און די אונמענטשליכע זאכען וואס מע זעהט אין א מלחמה. —

נאכדעם האט גערעדט דער פראפֿעסאר קווידא, וועלכער איז געוועזען אין האאג אויף דער קאנפֿערענץ. אומזיסט בעשולדיגט מען די קאנפֿערענץ — האט דער פראפֿעסאר געזאגט — וואס זי האט ניט אויסגעפֿיהרט, דאס עס זאל שוין מעהר קיין מלחמות ניט זיין. ביי היינטיגע צייטען איז אזא זאך אונמעגליך. גענוג איז אז די קאנפערענץ האט בעשלאסען ווי ווייט מעגליך איינצוהאלטען עס זאל קיין מלחמה ניט זיין; ווען נאר מע וועט קענען מאכען שלום. מיט דעם האט די קאנפֿערענץ בעוויזען אז זי האלט פֿאר׳ן שלום. אין אלע שלום-פֿריינד דארפֿען זיך סטארען פֿערברייטערן די דאזיגע אידעע צווישען פֿעלקער. מיט דעם וועט א מאהל קומען די צייט וואס קיין מלחמות וועט ניט זיין אויף דער וועלט“.

*

רוסלאנד. = ביי דער רוסישער רעגירונג איז אויפֿגעקומען א פראיעקט מען זאל בעשטימען א בעזונדער אבצאהל אויף דעם האנדעל מיט פֿיש. די הכנסה פֿון דעם אבצאהל זאל געהן אויף צו רעגולירען און טיעפֿער מאכען די טייכען און צו פעריכטען די ברעגעס.

= די רוסישע האנדעלסצייטונג ברענגט, דאס דעם 19-טען נאיאבער האט די רעגירונג בעשטעטיגט, מען זאל ערלויבען די אייער-הענדלער הערייז צו ברייגגען פֿון אויסלאנד נאך רוסלאנד אהן צאהל האלצקעסטליך וואס אין זיי ווערען געפאקט אייער. די לעצטע צייט האט זיך דאס געשעפֿט פֿון עקספארטירען אייער קין אויסלאנד שטארק פֿערגרעסערט דעריבער מאכט די רעגירונג געוויסע פֿערגרינגערונגען מען זאל קענען דאס געשעפֿט נאך מעהר פערגרעסערען.

= לויט דעם פֿארשלאג פֿונ׳ם פֿינאנץ-מיניסטער האט די רוסישע רעגירונג ערלויבט מען זאל פֿון ניי-יאהר 1900 מעגען ברייגגען שטיינקאהלען פֿון אויסלאנד אהן אבצאהל. די ערלויבניש איז זעהר וויכטיג פֿאר די גרויסע שטעדט ווי ווארשא, אדעס ניקאלאיעוו, וואו די פרייזען פֿון שטיינקאהלען זענען איצט זעהר געשטיגען.

דער קאלענדער פֿון נייעם און אלטען סטיל. די קייזערליכע אקאדעמיע אין פעטערסבורג האט אויסגעקליבען א קאמיסיאן צו בעקלערען די אופנים ווי איינצופֿיהרען, אין רוסלאנד דעם קאלענדער פֿון נייען סטיל, אין דער קאמיסיאן בעטהייליגען זיך דעלעגאטען פֿון גייסטליכע און פון מיניסטעריום.

דער פֿינאנץ-מיניסטער האט ערקלערט, אז פֿאבריקאנטען פֿון בראנפֿען, שפירט א. ד. ג. קענען עפֿענען אייגענע לאגערען צום פֿערקויף הורטאם, און ווי דארפֿען נישט האבען דערויף א בעזונדערען פאטענט. דער לאגער מוז זיך געפֿינען נעבען דער פֿאבריק, ווען זיי ווילען אבער עפֿענען לאגערען אין אנדערע ערטער, מוזען זיי קויפֿען פאטענטען אויך מוזען האבען פאטענטען וויינהאנדלען (רענסקאווע פאגרעבען) וועלכע ווילען פֿערקויפֿען קאלאניאל-סחורה.

ענדערונגען אין די פראגראמען פֿון די מיטעלשולען. אים דעצעמבער וועלען זיך אנהויבען אין פעטערבורג אסיפות פֿון די פֿארשטעהער פֿון די לעהרקרייזען, צו בעקלערען די שאלה וועגען איבערארבייטען די פראגראמע פֿון די גימנאזיעס און בכלל מיטעלשולען.

## דאָן יִצְחָק אַבַּרְבַּנְאֵל.

VII.

נאָך אַלפאָנס דעם צווייטענס טויט האָט זיך אברבנאל ווייטער גענומען צו דער תּורה. ער אַליין שרייבט אַזוי צו זיינעם אַ גוטען פריינד:

„און דו בעדאַרפסט וויסען אַז די אַלע פּרוּשים און סְפָרִים האָב „איך געשריבען נאָכדעם ווי איך בין פערוואָגעלט געוואָרען. וואָרום אַזוי „לאַנג ווי איך בין געזעסען אין די קעניגליכע הויפען און אין פּאַלאַצען „האָב איך קיין צייט ניט געהאַט צו קלערען וועגען ספרים, די בעסטע „יאָהרען מיינע זענען אַוועקגעגאַנגען אין נאַרישקייטען, אַלין נאָכצוגעבען „דעם יצר הרע און זאַרגען וועגען געלד־זאַכען. אַז גאָט האָט געבראַכט „אַ אומגליק אויף אונזער פאָלק און מיין געלד איז פערשוואונדען געוואָ„רען, גלייך ווי אַלע אַנדערע יודישע עֲשִׁירוּת, האָב איך אַנגעהויבען צו „וואַנדערן פון איין אָרט אויף דעם צווייטען, צווישען פערשיעדענע פעל„קער, בְּעֵרוֹם וּבְחוֹסֶר־כֹּל, אָהן געלד, אָהן פערמעגען, און דעמאָלס האָב „איך מיר ווייטער גענומען צו דער תורה, מְקַיֵּם צו זיין דאָס וואָרט „חֲסוּרֵי מְחַסְּרָא וְהָכִי קָתָנֵי"; אין נויט נעמט מען זיך צום לערנען."

פון דעם בריעף זעהן מיר, ווי ווייט פלייסיג איז געווען אברבנאל. אַזאַ מענשען ווי ער איז דאָך לייכט געווען צו קריגען אַ נייע שטעל, צוריק ווערען אַ עוֹשֶׁר, ער האָט אָבער ניט געוואָלט בייטען די תורה אויף געלד און פון סיציליע איז ער אַריבער קיין קאָרפו.

מיט גרויס התמדה האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבייט און אין אַ קורצער צייט אויפגעשריבען פיעל וויכטיגע און גרויסע ספרים אויף וועלכע אַ אַנדערער וואָלט געברויכט פערברענגען צעהנדלינגער יאָהרען.

אין קאָרפו האָט איהם גאָט צוגעשיקט אַ אוצר, וועלכען ער האָט שוין גערעכענט פאַר אַפערפאַלענעם. דאָס איז געווען זיין פּירוּש אויף דעם חומש „דְבָרִים", וועלכען ער האָט נאָך אָנגעהויבען שרייבען זייענדיג אין ליסאַבאָן און וועלכען ער האָט פערלאָרען ביים אַנטלויפען פון דעם פאָרטוגאַלער קעניג יאָהאַן דעם צווייטען. ער האָט געענדיגט דעם פירוש און אין דער הַקְדָּמָה צו איהם שרייבט ער אַזוי:

„און מיט דעם בּוֹרֵא'ס הילף בין איך אַהער נעקומען און זיטץ „היינט אויף דער אינזעל קאָרפו, און גאָט האָט מיר צוגעשיקט מיין פירוש, „אַ אַלטען פערלאָרענעם ספר. כ'האָב מיך שטאַרק דערפרעהט איהם זע„העגדיג, גענומען עם אין האַנד און געקושט פיעל מאָל".

אין קאָרפו איז ער לאַנג ניט געזעסען און אַריבערגעפאָהרען קיין מונופולי, דאָרטען האָט ער געוואָהנט אַכט יאָהר. אין דער צייט האָט ער אויפגעשריבען אַ ספר „מַרְכֶּבֶת הַמִּשְׁנֶה", און עֶרֶב פֶּסַח דעם זעלבען יאָהר האָט ער געענדיגט זיין ספר „זֶבַח פֶּסַח".

אין דער הַקְדָּמָה בעקלאָגט ער זיך זעהר, אַז זיין ווייב און די קינדער זענען צושפּרייט און צוזייעט און ער אַליין איז צווישען פרעמדע מענשען, וואָס ער פערשטעהט ניט אַפילו די שפּראַך, וואָס זיי רעדען.

אין אַ יאָהר שפּעטער האָט ער פערפאַסט אַ גרויסען בֵּאוּר אויף „דניאל" און איהם אַ נאָמען געגעבען „מַעַיְנֵי הַיְשׁוּעָה". דעם צווייטען יאָהר האָט ער אויפגעשריבען די סְפָרִים „מַשְׁמִיעַ יְשׁוּעָה", „יְשׁוּעוֹת מְשִׁיחוֹ", אין דעם ערשטען אלול האָט ער געענדיגט דעם בֵּאוּר אויף „יְשַׁעְיָה". אויסער דעם איז אין דעם יאָהר פאַרטיג געוואָרען זיין ספר „שָׁמַיִם חֲדָשִׁים", אין וועלכען ער ווייזט אויף אַז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אין אַ בעשטימ־טע צייט, אַז זי עקזיסטירט פון אַ געוויסער צייט יאָהרען, ניט ווי די אַנ־דערע פילאָזאָפען זאָגען, אַז זי שטעהט אייביג; אָהן אַ אָנהויב און אָהן אַ סוף. דעם געדאַנקען ערקלערט ער נאָך בעסער אין די שפּעטערע ספרים „ראש אֱמוּנָה" און „מִפְעֲלוֹת אֱלֹהִים".

אין 6 יאָהר שפּעטער איז ער אַריבערגעפאָהרען פון מונופולי קיין וועגעציע, וואו ס'האָט זיך בעזעצט זיין זוהן יוסף, וועלכער איז געווען אַ בעריהמטער דאָקטאָר. אין דער שטאָדט האָט ער שוין געלעבט רוהיגער, מיט גרויס כָּבוֹד. זיין חֲשִׁיבוּת איז נאָך וויכטיגער געוואָרען, ווען איהם איז געלונגען צו מאַכען אַ פְּשָׁרָה צווישען פאָרטוגאַלער מְלוּכָה און וועגעציער רעפובליק איבער דעם בשמים־האַנדעל, צוליעב וועלכען ס'זענען געווען שטענדיגע קריעג און קאָנקורענץ. פון דאַמאָלס אָן פלעגען די גרעסטע לייט קומען צו איהם זיך צו בעראַטען אין די וויכטיגסטע זאַכען און אברבנאל'ס נאָמען האָט ווידער הויך געקלונגען.

פון דעסטוועגען איז ער אַלין געזעסען „עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה" און אין וועגעציע עֶרֶב שְׁבוּעוֹת (שְׁנַת רס"ד—1504) האָט ער געענדיגט זיין בֵּאוּר אויף „יִרְמְיָהוּ" און נאָכדעם אויף „יְחֶזְקֵאל" און „תְּרֵי־עָשָׂר", אויסערדעם האָט ער געשריבען אויך פיעל וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע ביכער. בעריהמט איז אויך זיין פּירוּש אויף דעם „מוֹרֶה נְבוּכִים" פון דעם רמב"ם.

VIII.

אברבנאל'ס ספרים, אויסער וואָס זיי זענען וויכטיג פאַר דער לי־טעראַטור פון יודישעם פאָלק, אויסער די שאַרפע חֲקִירוֹת וואָס אין זיי שטעקט, האָבען זיי נאָך אַ גרעסערען ווערט פאַר דער יודישער נאַציאָן. כִּמְעַט אין יעדעם ספר בעזונדער האָט זיך אברבנאל מיהע געגעבען צו טרייסטען דאָס פאָלק, יודען זאָלען חָלִילָה ניט פערליערען דעם מוטה און אראָבלאָזען אין פערצווייפלונג די הענד. זיינע קלוגע גוטע ווערטער האָבען געהיילט די וואונדען, געשטאַרקט די שוואַכע און געגעבען כח און קראַפט, אַז די יודישקייט זאָל ניט אונטערגעהען.

אברבנאל איז געווען פאַר אונז אַ מַלְאָךְ וואָס האָט בעלייכטען מיט זיין שיין אונזער פינסטערע וועלט.

ראש חודש אֲדָר (שנת רס"ז — 1507) האָט דער גרויסער רב פון קאַנדיא הר' שאול הכהן געשיקט צו איהם 12 שאֵלוֹת אין פילאָזאָפיע, אברבנאל האָט איהם געענטפער'ט מיט אַ לאַנגען בריעף. אין בריעף בע־קלאָגט ער זיך, אַז די כֹּחוֹת געהען איהם אויס, ער איז שוין אַלט און שוואַך, — די שטענדיגע עַגְמַת נֶפֶשׁ וועגען דער יודישער טרויעריגער לאַגע האָט איהם קראַנק געמאַכט און אויף דעם איין און זיבציגסטען יאָהר איז געשטאָרבען דער למדן און פירשט דון יצחק אברבנאל.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ רושם זיין טויט האָט געמאַכט אויף אַלע יודען. אויף זיין לְוָיָה זענען מיטגעגאַנגען די גרעסטע עדעלע־לייט פון וועגעציע, זיינע קינדער האָבען איהם אַוועקגע־פיהרט קיין פאַדוא. דאָס איז געווען אים יאָהר (רס"ח - 1508); נאָכ'ן טויט איז איהם אָבער אויך ניט בעשער'ט געווען צו ליעגען רוהיג, ווייל אין אַ יאָהר שפּעטער איז געוואָרען אַ גרויסע מִלְחָמָה, דער שׂוֹנֵא האָט איינ־גענומען פאַדוא און צערשטערט דעם בֵּית־הַקְּבָרִים.

דון יצחק אברבנאל איז כִּמְעַט דער לעצטער פון די יודישע נְשִׂיאִים, וואָס זענען געווען זעהר חשוב אין קעניגליכע הויפען. ביי אונז יודען איז זיין נאָמען אַזוי גרויס, אַז מען פערגלייכט איהם אָפט מיט ר' יְהוּדָה הַנָּשִׂיא.

## דֶער קַאנַארִיק.

עֶס טְרִילֶערְט דֶער־קַאנַארִיק
אִין פְרַייעֶן וַואלְד אַלֵיין,
וֶוער קֶען זַיין שִׂמְחָה פִיהְלֶען ?
וֶוער קֶען זַיין פְרַייד פֶערְשְׁטֶעהְן ?

עֶס טְרִילֶערְט דֶער קַאנַארִיק
אִין רַייכְסְטֶען פַּאלַאץ שֶׁען,
וֶוער קֶען זַיין וֶועהְטָאג פִיהְלֶען ?
וֶוער קֶען זַיין שְׁמֶערְץ פֶערְשְׁטֶעהְן ?

**מאררים ראזענפעלד.**

## דאס קראַנקע יונגעל.

(מאָנאָלאָג).

מאַמישי, איך וויל דיר אויסזאָגען אַ סוד; דער עִקָּר—דער טאַטע זאָל נישט וויסען!

פרעגסט פאַר וואָס ? ווייל דער טאַטע האָט מיך וועניגער ליעב..

ניין, מאַמישי, איך זינדיג מיט די רייד; ווייניגער ליעב האָט ער מיך נ י ש ט; ער האָט מיך נור אַ נ ד ע ר ש ליעב!

ער איז דאָך אַ טאַטע, איז ער שטרענגער...

דער טאַטע האָט אַ לאַנגע באָרד; אַ טאַטענס פּנים איז נישט אַזוי צום גלעטען, ווי דער מאַמעס אַטליסען פּנים... און אויגען האָט ער גאָר אַנדערע, גאָר איין אַנדערן בליק. דו, אַז דו קוקסט אויף מיר, האָסט דו עפּיס אַזוינע לאַבענדיגע, דערביי פייכטע — — האָסט דו עפּיס אַזוינע גוטע, לוסטיגע און דערביי האַרציג־רַחֲמָנוּת'דיגע אויגען, אַז דו ביזט אַ מאַמע מיט אַ חָבֵר צוזאַמען, אַז פאַר דיר קען איך קיין סוד נישט האָבען, — מיט די אויגען שעפּסט דו מיר איהם פון האַרץ אַרויס...

דער טאַטע קוקט גאָר אַנדערש, שטענדיג ערנסט, מְכֻלוֹמַר'ש קאַלט . . .

ניין, מאַמישי, עס זענען גאָר אַנדערע, אַנדערע אויגען!

קינדווייז, מאַמישי, פלעג איך ווייניגער פאָרכט האָבען פאַר'ן טאַטען. איך געדענק, ווי איך פלעג איהם אַרויפשפּרינגען אויף די קניען, צושויבערן דעם גאַנצען קאָפּ, צובערשטען און פערפלעכטען די באָרד, איבערבייגען די ליפּען, און אַז ער האָט געוואָלט אָבשטעלען אַ בייזערינגען בליק, האָב איך איהם גאָר אַראָבגעדריקט די ברעמען און די אויגען פערמאַכט...

היינט קען איך נישט... איינמאָל, קראַנקערהייט, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט, ווען איהר ביידע זענט געשטאַנען ביי מיר ביים בעט... דו האָסט אַזוי שטיל, אַזוי שטיל־האַרציג געוויינט . . . און דער טאַטע. . . מאַמישי! דעם טאַטינס פּנים איז אַזוי שרעקליך געוועזען... ער איז ביין געוועזען אויף גאָט! פאַר שרעק האָב איך צוריק די אויגען געשלאָסען — — —

פון דעמאָלט אָן קען איך נישט צוטרעטען צום טאַטען ווי אַמאָל.. עפּיס האַלט מיך איין; אָפט וויל מיר דאָס האַרץ אַרויסשפּרינגען, איהם אַקעגען לויפען, נאָר איך קען נישט!

מיינסט, איך האָב דעם טאַטען ווייניגער ליעב . . . זאָל גאָט היטען ... איך האָב דעם טאַטען זעהר ליעב, איך קריעג איהם מיט יעדען טאָג, מיט יעדער מינוט ליעבער... אַז ער גֵעהט צו מיר צו, קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר פרייד; ציטערט אין מיר די נְשָׁמָה פאַר האָפנונג, אַז אָט וועט ער מיך אָננעמען ביי דער האַנד, אָט וועט ער מיך צודריקען צום האַרץ...

ביי דיר ציטער איך נישט, דו האָסט מיך שטענדיג גלייך ליעב, האָסט שטענדיג צו מיר צייט, דו האַלזט מיך און קושט מיך יעדע מינוט, דו ביסט שטענדיג, שטענדיג מיין, בְּשָׁעָה ווען דער טאַטע האָט אַזוי פיעל געשעפטען...

ער וויל איך זאָל זיין רייך!

ווילסט שוין, מאַמישי, וויסען דעם סוד?

איך שעם מיך!

פאַר אַ מאַמען, — זאָגסט דו — דאַרף מען זיך נישט שעמען? אמת... דאָך... ווייסט דו וואָס, מאַמישי? אָט, זעץ דיך דאָ אויף דעם שטוהל געגענאיבער דעם פענסטער... גוט אַזוי!

אָח, ווי שען די זון גֵעהט אונטער, ווי שען לעגען זיך איהרע לעצטע רויטליך־נעפעלדיגע שטראַהלען אויף דיין עדעל בלאַס פּנים. . .

אָח מאַמישי, ווי שען, ווי עדעל שען דו ביזט!

וואַרט... אַצינד וועל איך מיך זעצען דיר צו פיסענס... דו זאָלסט מיר אין פּנים אַריין נישט קוקען, ווען איך וועל פערציילען . . . אויפ'ן פיסענבענקעלע וועל איך זיצען און אַרויסקוקען פון פענסטער...

ניין..."נישט גוט אַזוי! איך וועל מיך שעמען פאַר דער זון... אי מיטען טאָג ברענט זי, פאַרנאַכט געזעגענט זי זיך" מיט אונזער וועלט אַ זו טרויעריג, אַז איך שעם מיך פאַר איהר צורעדען פון זיך...

איך וועל אָנשפּאַרען מיין קאָפּ אויף דיין שויס, איך וועל די אויגען פערמאַכען, און דו — — דו לעג נאָך אַרויף דיין האַנד מיר אויפ'ן שטערן...

איז דיר נישט שווער, מאַמישי? ניין?

זעכצעהן יאָהר איז אַלט דיין קינד און האָט אַזאַ קליין, נישט־שווער קעפּעלע... און איך אין גאַנצען — — — —

קרעכץ נישט, מאַמישי! גאָט האָט מיך נישט פערטהיילט... ער האָט מיר ווייניג פלייש, דערפאַר פיעל אַנדער גוטס געגעבען . . . דיך, דעם טאַטען... טאָג און נאַכט מיט וואונדערליכע חֲלוֹמוֹת... און היינט — אַ סוד . . .

אַצינד זעה איך נישט, מיט געשלאָסענע אויגען ווע איך איהם קענען פערציילען...

עס איז אַזוי ש ו ו ע ר צו פערציילען...

דאַכט זיך גאָר נישט, אַ נעין פון עטליכע וואונדערליכע שטראַהלען— און דאָך ליגט עס מיר אויפ'ן האַרצען ווי אַ שטיין... נישט ווי אַ קיזעל שטיין . . . עס איז נישט קיין שטיין פון גאַס, צי פון פעלד . . .

עס איז אַ ט ה י י ע ר ע ר שטיין . . . עס שטראַהלט . . . עס לייכט . . .

עס ליעגט ביי מיר טיעף אין האַרצען און זייעט אַרום און אַרום אין אַלע גליעדער אַריין אַזוי פיעל ליכט, אַזוי פיעל הימליכע, וואַרימע, לעבענדיגע ליכט...

עס זאָל נור ניט אויסלעשען, מאַמישי!

עס לעשט זיך אַזוי פיעל אויס!...

---

הערסט, מאַמיישי!

ניין, וואַרט! אַזוי פּראָסט צוגעהן צו דער זאַך קען איך נישט...

נאָר הער! געדענקסט, מאַמישי, נעכטען האָסט דו מיר קליין־געלד געגעבען? געדענקסט?

איך האָב נאָך גאָר נישט אויסגעגעבען און עס פעהלט מיר שוין...

עס פעהלט מיר אַ צעהנעריל!

צי איך האָב עס פערלוירען? ניין . . . דו גיבסט דאָך מיר פאַר אָרימע לייט, פאַר אָרימע קינדער, וואָס איך טרעף אויפ'ן שפּאַציער, און אָרים־געלד וועל איך יישט פערלירען.

צי איך האָב עס אַוועקגעגעבען? געוויס... צי איין אָרימאַן? איך ווייס נישט... אֶפשר יאָ און אפשר ניין... הער, ווערסט דו אפשר וויסען!

נעכטען איז אויך שען אונטערגעגאַנגען די זון... אפשר שענער...

דו האָסט מיך אויסגעלערנט קוקען, און איך קוק און זעה, וואָס אַנדערע פון מיינס גלייכען זעהן נישט... דעריבער שפּאַציער איך גערן אַליין... און שפּאַציערט האָב איך הינטער דער שטאָדט, דאָרט, וואו מען זעהט זי אין גאַנצען אַרויס, ביים טייך, ווי דו ווייסט . . . די הייזער הויבען זיך העכער און העכער איינס איבערן צווייטען, איינס איבערן צווייטען. . . די, וואָס שטעהן ווייטער, ווילען אַריבערקוקען, גאַנץ וועלט זעהן, און הויבען זיך, וואָס ווייטער אויף העכער און העכער, און די זון, אונטערגעהענדיג קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אויס די לעצטע שטראַהלען... געזעגענט זיך... קושט זיי...

און איך זעה, ווי די שאָטען יאָגען אונטער די שטראַהלען און לעגען זיך אַלץ דיקער און דיקער, און פליעסען און זאַפּען זיך אַריין וואו נור זיי קענען, און פערפילען אַלע לעכער צווישען די הייזער, אַלע פרייע ערטער צווישען די מויערן, און הויבען, און טרייבען דאָס רויטליכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימעל אַריין... "אין אייער רוה אַריין שטראַהלען, אַצינד איז א ו נ ז ע ר צייט!... אַ גוטע נאַכט!"...

און פּאַמעליך ווערט אַלץ טונקלער און טונקלער, און דער הימעל ווערט טיעפער און טיעפער. . . באַלד וועלען זיך איינס נאָכ'ן צווייטען אָנצינדען די שטערן... אַזוי קוקענדיג, בין איך געקומען צו דער סטאָליאַר־גאַס, צו דער הינטער־גאַס וואָס לאָזט זיך אַלץ טיעפער און טיעפער אַראָב ביז צום טייך, נישט ווייט פון דער גרויסער שוהל...

און איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער צו דער שוהל.

ביי טאָג זעהט זי שרעקליך אויס, אָרים, אָבגעריסען, פערשוואַרצט . . . די אויסגעהאַקטע שויבען ווילען די־שפּינען פאַר רַחְמָנוּת פערוועבען און פערשטעלען... בְּשָׁעָה ווען געגנאיבער, אויפ'ן באַרג, א'ן

אנהויב גאס שטעהט דער הויכער שפיציגער קלויסטער און לאכט...

פארנאכט האט די שוהל גאר אנדערש אויסגעזעהן... דאס ערשטע מאל האב איך זי אזוי געזעהן... א לייכטער, ליעבליכער, טונקעל־בלאהער נעפיל האט זי ארומגענומען... די אויסגעהאקטע פענסטער זענען נישט בלינד געוועזען און ערנסט און טיעף געקוקט אין דער וועלט אריין... אין דער הויך די געזימסען האבען געלעבט, כמעט גערידהרט זיך... עטליכע שייבען האבען זיך געוואלט אבררייסען פון דער וואנד... אט, אט, הויבען זיי אן ברילען!

— —

מיינסט, אז דאס איז דער סוד? א, ניין, מאמישי! דאס אייגענטליך, האב איך ערשט אצינד געזעהן, ערשט אצינד מיט די נעכטיגע אויגען.

אח, מאמישי, אז איך וועל זיין רייך!..

וואס איך וועל טהון?

איך וועל אויפריכטען די שוהל!

איך וויל זי זאל אויך זיין הויך, זי זאל אויך שפארען אין הימעל אריין, און זי מוס זיין העכער, ווייל זי שטעהט נידריגער! און א גאלדענעם דאך זאל זי האבען, און קריסטאלענע פענסטער!

הערסט, מאמישי, איך קלער מיר אזוי: אהן א שוהל קען מען זיך בענעהן, גאט איז אומעטום... וואו עס פאלט א טרעהר, זעהט ער! וואו עמיץ הויבט די אויגען אויף צו איהם, זעהט ער, וואו עס קרעכצט א טרויעריג הארץ הערט ער!.. נאר האט מען א שוהל, מוז זי זיין הויך, שען און שטראהלענדיג ערנסט.

אזוי האב איך נעכטען אויך געטראכט, אין מיטען — הער איך א געוויין! אזא שטיל טרויעריג געוויין... זיס און טרויעריג, און הארציג...

דו, אז דו שפיעלסט, ציהסט דו א מאל ארויס אזא געוויין...

און איך האב געמיינט, מאמישי — דעם אמת זאגענדיג, האב איך געוואלט מיינען, איך האב מיך אמישנע נישט אומגעקוקט, איך זאל קענען וואס לענגער מיינען, אז דאס וויינט און ברומט פון דער שוהל ארויס... אז דארט אינעווייניג זיצט אין א לייכט־בלויען נעפיל איינגעהילט די נשמה פון דער ארימער שוהל און וויינט, און ברומט...

און זי קלאגט זיך, וואס די זון פערטהיילט זי... וואס זי שיט גאנצע בינטען גאלדען ליכט אויפ'ן קלויסטער דאך און קארגט איהר א שטראהל, און ווארפט איהר אין מיטען שענעם העלען טאג, ווי א נדבה, קוים א בלאסען שטראהל... גליטשט זיך איבער איהר און גנב'עט זיך באלד אוועק ווי פערשעמט!..

און דאך איז עס נישט געווען די שוהל...

עס איז א קליין מיידעלע געלעגען אויפ'ן זאמד, עס האט עפיס געזוכט און געוויינט...

ווי איך האב מיך אומגעקוקט, האב איך גור איהר אלט־אבגעריבען קליידיל, ווי א טונקעל־גרויען פלעק אויפ'ן געלען זאמד געזעהן... א פאר אויסגעקרימטע שיך...

נאך עפיס האב איך געזעהן.

מאמישי... איך שעם מיך... עס ווערט מיר עפיס אזוי ווארעם...

שטעל דיר פאר א פאליע רויטע, רויט־פלאמענדיגע האר... עס האט פונקען געשלאגען...

— וואס וויינסט דו, מיידעלע, וואס זוכסט דו אין זאמד?..

הערסט, די מוטער האט איהר א צעהנעריל געגעבען, און עפיס קויפען געשיקט, האט איהר עמיץ, דורכגעהענדיג, אונטערגעשלאגען די האנד, און דאס צעהנעריל איז אין זאמד אריין... דעריבער וויינט זי...

איך זאל איך־ווייס־וואס פערליערען, וואלט איך נישט געדארפט וויינען...

איך פרעג זי: א גרויסען צעהנער צי א ווייס צעהנעריל?

— א ווייס! — זאגט זי און קוקט זיך אפילו נישט אום.

— איך וועל דיר העלפעי זוכען, — זאג איך.

איך בויג מיך אראפ, מאך מיך זוכענדיג, און געפין א ווייס צעהנעריל פון מיין קעשענע.

— נא!

זי איז אויפגעשפרונגען פאר פרייד. מיט א שטארקען ריהר מיט'ן קאפ האט זי ארונטערגעווארפען די רויטע פאליע האר, און ווי פון א וואלקען איז ארויס א קליין ווייס־אלבאסטער פנים, מיט אויגען, מאמישי — מיט אויגען...

ניין, מאמישי, די אויגען קען איך דיר ניט אויסמאלען...

עס האט אין זיי געבליצט אזוי פיעל פרייד — — — א גאנצע נאכט האבען זיך מיר די אויגען געחלום'ט... א גאנצע נאכט...

אט, דאס איז, מאמישי, מיין גאנצער סוד.

דו לאכסט?

לאך ניט, מאמישי, די אויגען וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען...

מאמישי — — —

מעג איך שפאצירען אויף דער סטאליאר־גאס און קוקען — — — אויף דער אלטער שוהל?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

י. ל. פרץ.

# די יודישע וועלט.

א זאמלונג פון ערצעהלונגען פון מ. ספעקטאר, ווארשא, תרנ"ט.

זעהר זעלטען געפינט מען אויף דעם זשארנאנישען ספרים־מארק ערצעהלונגען פון דער יודישער וועלט; איהר געפינט דארט ערצעהלונגען פון אלע וועלטען, נאר ניט פון דער יודישער. איהר געפינט דארט פערשוינען פון אלע פעלקער, נאר ניט פון דעם יודישען פאלק; עפיס זעהט מען דארט אזעלכע פערשוינען, מיט אזעלכע אינטריגעס וואס אין דער יודישער וועלט הערט מען ניט און מע זעהט ניט; ס'האט א פנים, אז זיי, אונזערע זשארנאנישע שרייבערס, האפען ארויס א פרעמד פארשווינדיל פון א פרעמדער וועלט, פון א פראנצויזישען ראמאן, און טשעפען איהם צו א פאר פאות, טהוען איהם אן א יארמאלקע מיט א טלית־קטן און שטעלען איהם אויס אויף דער סצענע, און ער קרימט זיך נאך א יודען נעביך...

און דעריבער, בין איך מודה ומתודה פאר אייך רבותי, דאס ווי באלד איך האב בעקומען "די יודישע וועלט" האב איך געהאט ווייניג אמונה אין דער גאנצער זאך, עט, קלער איך מיר, מיר ווייסען שוין אייער'ע "יודישע וועלטען" מיט אייערע "ערצעהלונגען",. מסתמא עפיס נאך א ווילדער ראמאן צונויפגעזשעב־עוועט פון דריי פיער פראנצויזישע ראמאנען צוזאמען, און אויפגעפלאכטען אין איינעס, ווי ס'פראקטיצירט זיך שוין פון לאנגע צייטען אן.

נאר קוים האב איך איבערגעלעזען דאס ערשטע בלעטיל איבער דעם אינהאלט פון "דער יודישער וועלט": "יודישע ארעמקייט", יודישע עשירות", יודישע מאן און ווייב", יודישע נחת", א. ז. וו. ע! טראכט איך, עפיס שמעקט עס דאך מיט יודיש, לאמיך פריפען איבערלעזען ווענינסטענס איין ערצעהלונג און זעהן איבער וואס שמועסט זיך דארט. נאך דעם וועל איך האבען די ברירה צו לעזען ווייטער אדער ניט — און איך לעז...

איך לעז די ערשטע ערצעהלונג: "ארעמקייט". כ'לעז שטארק פערטיעפט, מיר ווייזט זיך אויס דאס איך בין אין דעם שטעדטיל "מעזבעז". און איך בעקאן זיך מיט "זיינוויל איינבינדער, ווי א לעבעדיגער שטעהט ער פאר מיר. א גאנין פרומער יוד איז זיינוויל, נאר א גרויסער ליגנער ער זאל מיר מוהל זיין. אז ער האט גענומען א ספר צום בינדען האט ער קיין מאל קיין ווארט ניט געהאלטען, איך גנה צו איהם, ער וואהנט אין א קליין שטיבעלע געדעקט מיט פוילע שינדלען און דראניצעס, כ'גנה אריין צו זיינוולען אין שטוב וואס בעשטעהט פון א גרויסער קיך, דארט וואהנט ער מיט זיין ווייב און קינדער און דארט ארבייט ער... איך זיץ

דאָרט און איך זעה, און איך הער — זאָל מען דאָס גאָר ניט זעהן און ניט הערען אין קיין יודישער שטוב — איך געה אַרויס פון זיינוויל דעם איינבינדערס הויז, עס קלעמט מיר מיין האַרץ, ס'ווילט זיך מיר שטאַרק וויינען... איך האָב גאָר פאַרגעסען אַז ס'איז ניט מעהר ווי אַ געשריבענע מעשה. די ערצעהלונג איז אַזוי מייסטעריש געשריבען, דאָס עס האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט גלייך ווי עס וואָלט דאָס אַלין טאַקי געווען אויף אַנ'אֱמֶת'ן. איך האָב נאָכדעם געמיוזט פון זיך אַליין לאַכען, וואָס איך האָב זיך אַזוי פערטראַכט.

די ערשטע ערצעהלונג האָט מיר געמאַכט אַפּעטיט און ס'ווילט זיך מיר נאָך לעזען, איך לעז די צווייטע: „מאַן און ווייב". יודישע מאַן און ווייב; ס'קוועלט אָן דאָס האַרץ לעזענדיג, אַ יודישעס פאַמיליען־לעבען, אַזוי כָּשֵׁר, אַזוי איינפאַך, אַזוי ריין; די קאַפּריזען, דאָס בייזערען, זיך, אַלץ יודיש, אָהן גיפט, אָהן גאַל, אָהן פאַלשקייט, אָהן אַמאַסקע. איבערלעזענדיג, בין איך עפּיס געוואָרען ביי זיך שטאָלצער, האָפערדיגער, כ'האָב בעקומען, פאַר אייך זאָגענדיג, עפּיס איין גאַוָה, אַ גרויסקייט, דעם מין גאַוָה וואָס פאָטער און מוטער בעקומען נאָך דער דְרָשָׁה וואָס זייער זוהן האָט געדרשנט צו זיין בעל־מִצְוָה...

איך לייען ווייטער: „שלום געמאַכט" אַבילד פון חסידישען לעבען. עס ששטעלט זיך מיר פאָר איך בין דאָרט אַליין געווען, איך האָב אַלין געזעהן מיט מיינע אויגען, געהערט מיט מיינע אויערען... איך לעז ווייטער: „אין שטוב און אין גאַס". אַ יודישע שטוב, אַ יודישע גאַס, בעקאַנטע מענשען, בעקאַנטע פאַרשוינען, איך קאָן זיי, איך פערשטעה זיין מענשען וואָס איך בעגעגען זיך און זעה זיך מיט זיי טאָג טעגליך, נאָך ניט צייט צו קענען?..

וואָס זאָל איך אייך דאָ פיעל ערצעהלען רַבּוֹתַי? דאָס בוך האָט מיך אַזוי דורכגענומען אַז איך בין עפּיס געוואָרען אַזוי ווי אַ צודילטער. איך האָב גענומען לעזען ווייטער: „אַ ראָמאַן אין פיער טהייל!" איך זאָג אייך דעם אֱמֶת, דאָס כ'האָב זיך אויף זיך אַליין געוואונדערט, וואָס איז עס מיט מיר מיט אַ מאָל געוואָרען? ווי קומט עס צו מיר? איך, וואָס איך האָב פיינט צו לעזען ראָמאַנען בִּכְלָל, און זאָרגאַנישע ראָמאַנען איבערהויפּט; דען איך ווייס דאָך פון די קריטיקעס, איבער די „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען", וואָס דאָרט טהוט זיך אָב! איך, וואָס איך האָב פיינט אַראָמאַן, גלייך מיט די היינטיגע „מַגִידִים" אומשטיינסגעזאָגט, איך, זאָל פלוצלינג וועלען לעזען אַ ראָמאַן?! נאָר וואָס טויג אייך די אַלע מַעֲשׂוֹת, איך האָב געלעזען דעם ראָמאַן, אַלע פיער טהייל, (בֶּאֱמֶת זאָגענדיג פאַרנעמט ער נור בְּסַךְ־הַכֹּל צעהן זייטען), און נאָך מעהר חִדוּשׁ, ער איז מיר געווען „העכסט אינטערעסאַנט", נאָר שאַדע צו קורץ אַביסעל.

קורץ — איך האָלט שוין ביי דער 161־טער זייט: דאָ הויבט זיך אָן אַנ'ערצעהלונג, מיט דעם נאָמען „ארץ־ישראל פושקע" — דאָ האָב איך זיך אַביסעל געמוזט אָפּשטעלען. עפּיס רעדט זיך דאָ פון אַמין עִנְיָן וועלכער אינטערעסירט יעצט כִּמְעַט יעדען יוד.

* * *

איך לעז: אין דעם שטעדטיל ...N איז אויך געוואָרען אַ חֶבְרָה „חוֹבְבֵי־צִיוֹן" און ווי עס פיהרט זיך ביי יודען איז דער אָנהויב געווען מיט אַ ברען, ווי מע זאגט, „מיט פייער". דאָס „פינטעלע יוד" האָט זיך ביי יעדען דערוואָרעמט און אָנגעצינדען; כִּמְעַט מעהר ווי אַהאַלב שטעדטיל האָבען זיך פערשריבען פאַר חֲבֵרִים, אפילו פרויען מיט פריילינס האָבען זיך אויך פערשריבען (פרויען? פריילינס? זאָל ער מיר מוֹחֵל זיין דער פערפאַסער, דאָ האָט ער שוין אַביסעלע איבערגעחאַפּט די מאָס!) יעדער האָט באַלד בעצאָהלט אין דער „חֶבְרָה" זיין נְדָבָה פאַר דעם ערשטען חֹדֶשׁ: אפילו דער גַבָּאִי דער פראָצענטניק (?) וואָס האָט גערעכענט היינט מאָרגען אַ לייטישען שִׁדוּךְ טהון מיט זיין בְּתוּלָה (אַ!) האָט איצטיגעס מאָל ניט אָפּגעזאָגט די יונגע גַבָּאִים פון דער חֶבְרָה, וואָס זענען געקומען צו איהם, און האָט זיי באַלד געגעבען צוויי קערבליך; די יונגע לייטליך האָבען אָנגעקוואָלען וואָס זיי איז געראָטען אַז ביי זיי אין שטעדטיל איז אויך געוואָרען אַ חֶבְרָה חוֹבְבֵי צִיוֹן — און טאַקי באַלד, האָט אַ היגער מַשְׂכִּיל וועגען דעם מוֹדִיעַ געווען אין די יודישע צייטונגען, מיט אַפייערדיגער קאָרעספאָנדענציע, ווי אַזוי זייער שטעדטיל וואָס

איז פון תָּמִיד אָן געזונקען אין דער פינסטער א. ז. וו. און איצט האָט אַריינגעשיינט צו זיי אויך די ליכטיגע זון א. ז. וו. — עס איז ביי זיי אויך געוואָרען אַ חֶבְרָה „חוֹבְבֵי צִיוֹן"; אויסגערעכענט וועמען מען האָט געמאַכט פאַר אַ גַבַּאִי, קאַסיער, א. ז. וו. און צום מעהר אָפּגעלויבט זייער גביר פאַר זיינע צוויי רובל וואָס ער האָט געגעבען; אויסגערעכענט דעם גְבִיר'ס מַעֲלוֹת, אַז כִּמְעַט דאָס גאַנצע שטעדטיל לעבט פון איהם, ד. ה. פאַר פופצעהן יאָהר, ווען דאָס שטעדטיל איז ניט היינט געדאַכט אָפּגעבריענט געוואָרען, און מענשען האָבען זיך געוואַלגערט אין די גאַסען און געשטאָרבען פון הונגער, האָט דער גביר געשענקט צוויי קאָרענע זעקליך מעהל...

איין יאָהר איז פון דער צייט אָוועקגעגאַנגען און — ווער מיר חֶבְרָה? וואָס מיר חֶבְרָה? עס האָט זיך אַזוי געענדיגט ווי עס ענדיגט זיך שטענדיג ביי יודען, אָנגעהויבען האָט מען מיט אַ ברען, נאָר וואָס ווייטער איז מען קעלטער און קעלטער געוואָרען; דעם צווייטען חֹדֶשׁ האָבען שוין ניט אַלע מיטגלידער בעצאָהלט, דעם דריטען נאָך ווינציגער, דער גְבִיר פון שטעדטיל וואָס מען האָט איהם פאַר אַ יאָהר אַזוי אָבגעלויבט אין די צייטונגען, האָט שוין אוַדַאי מעהר ניט געוואָלט צאָהלען די צוויי רובל יעדען חֹדֶשׁ, ווייל מיט זיין בְּתוּלָה האָט ער שוין אַ לייטישען שִׁדוּךְ גע־טהון, היינט צו וואָס זאָל ער יעצט אַרויסוואַרפען צוויי קערבליך? — פריער האָט דאָס איהם געפּאַסט צו אַ שִׁדוּךְ, אָבער איצט, צו וואָס טויג עס איהם?

מיט איין וואָרט, אין אַ צייט פון איין יאָהר איז געוואָרען אויס חֶבְרָה „חוֹבְבֵי־צִיוֹן" אין .N נאָר געציילטע עטליכע יונגע לייט האָבען געקרעכצט און געזיפצט וואָס פון דער חֶבְרָה איז אַזוי גיך אויסגעוואָרען... מעהר פון אַלע האָט זיך גענומען צום האַרצען איין אֱמֶת'ר חוֹבֵב צִיוֹן פון .N, גרשון ליפּמאַן, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, ניט קיין גְבִיר, נאָר אויך ניט קיין אָרומאַן, ער האָט געהאַט אַ אֱמֶת יודישע פרוי וואָס האָט איהם מיטגעפיהלט אין אַלעמען. ליפּמאַן האָט פראַסט דאָס האַרץ וועה געטהון, וואָס עס איז אַזוי גיך געוואָרען אויס חֶבְרָה; די זאַך האָט איהם אַריינגעבראַכט אין עפּיס אַ מִין כַּעַס אויף אַלע יודען בִּכְלַל און אויף N־ער יודען בִּפְרַט, און ער פלעגט עס אָפּט מיט כַּעַס אַרויס־זאָגען זיין פרוי:

— אומזיסט! עס איז ניט דאָ מיט וועמען צו אַרבייטען! יודען זענען דען אויך מענשען? צו יעדער זאַך חאַפּט מען זיך אָן און קיין זאַך האַלט ניט אויס; ווי וויכטיג און נייטהיג איז דאָך אַ חֶבְרָה „חובבי־צִיוֹן", דאָס דאַכט זיך דאַרף יעדער יוד פערשטעהן... ניין מיט יודען עט מען גאָר ניט מאַכען. פינף קאָפּיקעס איז ביי אייניגע יודען טייער פון אַלע יודען מיט דעם יודענטהום צוזאַמען; זעהסטו, דאַוונען אַ סך, לויפען אין וואַסער, שאַקלען זיך ביים דאַווגען, אָט דאָס זשאַלעוועט דער יוד ניט, נאָר גלויב מיר אַז ער טהוט דאָס אויך נור דערפאַר, ווייל דאָס אַלעס קאָסט איהם קיין געלד ניט.

— אַז דו ווערסט אין כַּעַס ווייסט דו שוין גאָר ניט וואָס דו רעדסט — האָט איהם זיין ווייב דערויף געענטפערט — דו זאַלצסט שוין גאָר איבער, גרשון; ניט אַלע יודען זענען אַזוי ווי דו מיינסט, עס זענען דאָ וואוילע יודען, אֱמֶת'ע יודען, עס זענען דאָ שלעכטע אויך. צום בעדויערען ווען מען וויל מאַכען ביי יודען אַ גוטע זאַך ווענדעט מען זיך דאָס מעהר ניט צו אֱמֶת'ע יודען; און נאָך מעהר איז דאָס שלעכט וואָס אין דער גוטער זאַך צווישען יודען זענען די רעדעל־פיהרער צום מעהרסט פאַלשע יודען, און פאַר דעם גראַשען זענען זיי גרייט אַלעס צו פערקויפען. ניין גרשון, יודען זענען אַטייער פאָלק!...

אין אַ צייט שפּעטער איז גרשון געקומען אַהיים אַ צוטראָגענער, מיט כַּעַס אַ וואָרף געטהון אויפ'ן טיש אַ בלאַט צייטונג און זיך אָנגע־רופען: — נאַ! אָט האָסטו דיר, מיין ווייב, דיינע טייערע יודעליך, וואָס דו קוועלסט אַזוי אָן פון זיי; און גרשון האָט איהר דערצעהלט אַז אייניגע יודען זענען זיך נאָר בעגאַנגען מיט דעם געלד — וואָס מען האָט צוזאַמען געקליבען פאַר יִשׁוּב אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל — ווי מיט זייער אייגענס... נאַ, קען מען עפּיס מאַכען ביי יודען? — האָט גרשון ווייטער ניט אויפגעהערט

ריידען מיט זיין פרוי — מען איז נור א נאר וואס מען מיינט אז מען קען נאך עפּיס טהון, אזא מעשה זאל זיך טרעפען!

— באלד בעשולדיגסטו אלע יודען, איבער צוויי דריי פערדאר־בענע מענשען, גנבים, וואס האבען זיך אליין געמאכט ביי יודען פאר רעדעלפיהרער; זייט ניט קיין נאראנעס און שיקט ניט קיין געלד יעדען ווער עס וועט נור זאגען „שיקט מיר", מיט וואס־זשע זענען שולדיג אלע יודען? דאס יודישע פאלק? די טייערע אידעע פון ישוב ארץ ישראל? פאר וואס־זשע דארף מען שוין ביי זיך אראפּפאלען און גאר ניט וועלען טהון פאר דער אידעע?

אין יאהר 1890 ווען די רעגירונג האט ערלויבט די חברה צו שטיצען יודישע קאלאניסטען און בעלי מלאכות אין ארץ ישראל, איז גיך ווי זונגען־שטראלען די גוטע נייעס אנגעקומען אין אלע שטעדט און שטעדטליך וואו יודען וואהנען; דער ערשטער אין אונזער שטעדטיל N. האט זיך דערוואוסט גרשון ליפּמאן. א פרעהליכער א יום־טוב'דיגער האט ער יעדערען דערצעהלט פון דעם גוטען נייעס... איצט קענען מיר טהון, איצט וועט שוין ניט זיין ווי ביז אהער ווער עס האט נור געוואלט, דער איז געווארען א רעדעל־פיהרער ביי יודען, און געהייסען זיך שיקען געלד, אויף איבער צו שיקען „וואו מען דארף"; איצט זענען מיר באמת זיכער אז יעדער גראשען וועט טאקי אנקומען „וואו מען דארף".

— וואס זשע דארף מען איצט טהון? האבען איהם איינגע גע־פרעגט — וואס הייסט וואס, לויט דעם אוסטאוו פון דער חברה וועלען מיר זעהן עס זאל זיין א סך מיטגליעדער, וואס זאלען צאהלען געלד.— וואס זשע וועט דערפון ארויסגעקומען? האט זיך איינער אנגערופען, עס וועט זיין דאס זעלבע וואס פריהער, אין אנהויב וועט זיך יעדער פער־שרייבען און בעצאהלען און וואס ווייטער וועט ווערען ווינציגער, מען וועט קאלט ווערען, מען וועט אפילו פערגעסען צו צאהלען; אויף אזא אופן וועט די נייע חברה ווייניג קענען גדויערען, עס דארף ניט ווינצי־גער ווערען נאר ווערען אלע מאל מעהר, דאן קען מען עפּיס טהון און קומען צו א צוועק. — איך מיין, רבי גרשון, אויסער מיטגליעדער זאל מען איינפיהרען צווישען יודען עפּיס אזעלכעס מיט וואס דער יוד איז פון תמיד אן געוואהנט ער זאל שטענדיג געבען געלד. איך מיין, מען זאל איינפיהרען „פושקעס" — „וואס הייסט פושקעס?" האט ר' גרשון געפרעגט פערוואונדערט — איך מיין פראסטע „פושקעס" אזוי ווי „ר' מאיר בעל־הנס פושקעס" — פון די גראשענס וואלט זיך א סך מעהר אנגענומען ווי פון די סומע וואס א „מיטגליעד" דארף צאהלען, און דער עיקר וואס דער יוד וואלט קיין מאל ניט אויפגעהערט צו ווארפען אין פושקע גראשענס. דאס האט דער יוד ליעב, אויף דער „פולע וואך" ווארפען אין פושקע ניט נור דער בעל־הבית נאר אלע אין שטוב, אפילו די קינדער; ווערד איינער געזונד פון חס־ושלום א קרענק, ווארפט ער אין פושקע; בכלל איז איינגעפיהרט ביי יודען צו זאגען: אז איך וועל אויספיהרען דאס אדער יענץ, וועל איך בלי־נדר אריינווארפען אין פושקע אזוי פיעל אדער אזוי פיעל. און מען הערט ניט אויף צו ווארפען גראשענס; דאס יודישע פאלק ווייסט ניט און וויל ניט וויסען פון דעם נייען סיסטעם צדקה געבען א. ז. וו...

גרשון האט זיך ענטשלאסען מאכען אנהויב, ד. ה. ביי זיך אין שטוב מאכען א פושקע; ער האט געשיקט נאך אליקום דעם אלטען בלעכער, דער האט זיך א סך גדונגען, גרשון האט איהם מעהר ניט געוואלט געבען ווי א האלבען רובל און אליקום האט ניט געוואלט ווינ־ציגער ווי א גאנצען רובל, ענדליך איז געבליבען פאר פינף גילדען, נאר אויף דער פושקע זאלען זיין די ווערטער אויסגעפּארבט: „צדקה לישוב ארץ־ישראל".

ווען אליקום איז אוועקגעגאנגען האט גרשון מיט כעס געזאגט זיין פרוי: — אט האסטו דיר דיינע טייערע יודען — פאר א פושקע אויף אזא צדקה זאך דינגט ער זיך אויך און וויל נאך פערדינען. איך האב איהם דערצעהלט אלעס אויף וואס די פושקע איז און ער וויל גאר ניט וויסען, ווי גלייך ער איז גאר קיין יוד ניט.

וואס זשע? געוויס איז ער א ארומאן, ער קען ניט ארבייטען אומ־זיסט. באלד ווערסטו אין כעס אז יענער איז שוין קיין יוד ניט. מען דארף אזוי ניט זיין און זאגען אין דער גיך ווענען א מענש האט זי איהם געענטפערט.

— נעה, עס איז ניטא מיט וועמען צו רעדען, דו ביסט ווי שטענ־דיג, א קאלטער לונג און לעבער, דיך ארט דען עפּיס? א מענש מיט א פערגליווערט הארץ!

האסט א טעות, גרשון, איך בין ניט אזוי קאלט ווי דו מיינסט, איך בין נור ניט פון די נאטורען וואס צינדען זיך אן גיך און קיהלע זיך אפּ גיך — האט זי איהם געענטפערט.

* * *

אין מיטען רייסט זיך איבער די געשיכטע פון דער ארץ־ישראל פושקע און עס קומט פאר א שטיקעל ראמאן: „אין דעם ארומען יודישען געסיל". דאס איז א ראמאן צווישען א מיידיל פון א יאהר אכטצעהן, דעם אלטען אליקום'ס אנ'איניקיל, רבקה. יי'אס איז געבליבען א יתומה פוי זיין איינציגער טאכטער, מיט יוסף מענדיל א ארבייטער ביי א סטאָ־ליאר, זעהר אנ'עהרליכער בחור'ל. אליקום האט מיט פרייד געקוקט אויף זיין שענע טאכטער און דעם בחור'ל און געהאפט אז פון זיי וועט זיין א גליקליך פאר פאלק. זיי האבען זיך שטארק ליעב געהאט. זיי האבען צווישען זיך אפּגערעדט אנהייבען צוזאמען קלויבען געלד אויף א מלבוש פאר רבקה'לען, זיי זאלען קענען געהן שפּאצירען שבת פאר נאכט ווי אלע אנדערע... קורץ, זיי האבען צווישען זיך בעשלאסען קלויבען צו־זאמען געלד און אין דער קאסע ביי רבקה'לען האט זיך שוין צו ביסליך אנגעקליבען א האלב קערביל... און זייער האפנונג האט זיך געשטארקט, ווארום אז פון איינציגע גראשענס מיט קאפּיקעס קען ווערען א האלב קערביל, קען פון א האלב קערביל אוודאי ווערען א גאנץ קערביל א. ז. וו... אזוי אז מיט דער צייט קען ווערען גאנצע צעהן קערבליך און עטליכע צעהנדליג קערבליך, ווארום „געלד געהט צו געלד".

היינט אז אליקום דער אלטער בלעכער איז היינט געקומען אהיים אין זיין קליין ארום שטיבעל פרעהליכער ווי תמיד, דאס האט בעמערקט זיין איניקיל רבקה'לע. (זיין גאנץ פערמעגען וואס איז איהם איבערגע־בליבען פון זיין איינציגער טאכטער). — היינט אז זי האט דערזעהן דאס דער זיידע איז פון גאס אהיים געקומען אזוי פרעהליך מיט א ניי שטיק בלעך אונטערען ארעם און האט זיך אזוי באלד נאך דעם עסען פרעהליך גענומען צו דער ארבייט, האט רבקה'לע באלד פערשטאנען אז ער האט היינט בעקומען א גוט שטיקעל ארבייט, ביי וועלכער ער וועט גוט פער־דינען, ווארום דאס וואס ער האט געקויפט ניי בלעך איז אוודאי א סימן אז ער נעמט א גוטען פרייז. שוין לאנג אז דער זיידע האט ניט געאר־בייט פון נייעם בלעך; רבקה'לע איז דעם טאג פרעהליך געוועזען, ווייל זי האט געוואוסט אז פון דעם פערדינסט וועט דער זיידע געוויס עפּיס צו לעגען צו דער קאסע. אפשר א גילדען, אפשר א גאנץ פערטעלע, ווער ווייסט? אפשר נאך מעהר? זי האט היינט מעהר ווי אלע טאג מיט אונ־געדולד ערווארטעט דעם פארנאכט, יוסף מענדיל זאל קומען וואס פריי־הער; איהר הארץ האט אליין ניט געקענט דערטראגען איהר פרייד, זי האט זיך געוואלט טהיילען מיט יוסף מענדלין. דער היינטיגער טאג איז געוועזען צו לאנג פאר איהר, זי האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און אריבערגעלאפען צו דעם סטאליאר, וואו יוסף מענדיל האט געארבייט, טאקי אויף דעם אייגענעם געסיל און האט איהם אויף גיך געזאגט אז אויב ס'וועט מעגליך זיין זאל ער היינט זיך סטארען קומען וואס פריהער.

יוסף מענדיל איז טאקי היינט געקומען פריהער ווי תמיד, אזוי אז ער האט נאך דעם אלטען אליקום'ען געטראפען ביי דער ארבייט פונ'ם נייעם שטיק בלעך.

נאך ארבייט איהר ר' אליקום?

יא מיין קינד, איך מוז די ארבייט, היינט ענדיגען זי איז זעהר א נייטהיגע. —

וואס זשע איז'ס פאר ארבייט, צי איז'ס חאטש א גוט שטיקעל ארבייט, אז עס לוינט אייך ארבייטען פון אזא נייעם בלעך און אזוי איילענדיג?

— יאָ מיין קינד, ס'איז אַ גוט שטיקל אַרבייט, אַטייער שטיקל אַרבייט. געלויבט זיין ליעבער נאָמען וואָס איך האָב דערלעבט צו אַרבייטען אַזאַ אַרבייט, איך בין עס ניט ווערט ביי גאָט, איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן.

— וואָס זשע וועט זיין פון דער אַרבייט? האָט יוסף מענדיל מיט רבקה'לען צוזאַמען פערוואונדערט געפרעגט.

— וואָס וועט זיין? האַ האַ! האָט ר' אֶלְיָקִים געזאָגט און אויף זיין געזיכט האָט זיך געוויזען אַ שמייכעל; שוין לאַנג אַז די קינדער האָבען אויף איהם ניט געזעהן אַזאַ פרעהליכען שמייכעל — וואָס וועט זיין, פרעגט איהר? נאַ, אַז איך וועל אייך זאָגען אַז פון דעם שטיק בלעך וועל איך מאַכען אַ פושקע, נאַ וועט איהר דען עפּיס דערפון פערשטעהן? אַ פושקע איז אַ פושקע. איך האָב שוין געמאַכט אַ סך פושקעס אויף מיין לעבען. פושקעס אויף צוקער, פושקעס אויף קאָנפעקטען, און פאַר איינגעמאַכטס, פושקעס פאַר דעם שַׁמָשׁ פון דער חֶבְרָה קַדִישָׁא... איך ווייס, איך קען זיך דען אַנגעדיינקען? אַט ניט לאַנג האָב איך געמאַכט עטליכע פושקעס פאַר ר' "מֵאִיר בַּעַל נֵס" ווי מע וואַרפט געלד פאַר אָרומע יודען וואָס פאָהרען קיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל שטאַרבען, יאָ איך קען מיך דען דערמאָנען? ערשטע יענע וואָך האָב איך געמאַכט צוויי פושקעס פאַר אונזער יודישען דייטש, דעם אַריסטאָקראַט בעריל פייגעס, איין פושקע פאַר איהם וואו צו האַלטען פאָמאַדע און שוואַרצע פאַרב צו דער באָרד, און די צווייטע פאַר זיין ווייב, זי זאָל האַלטען פודראַ מיט אַלערליי פאַרבען און געמעלעריי צום פָּנִים, צו די ברעמען; מילא וואָס כ'האָב אין מיין לעבען געאַרבייט אַלערליי פושקעס? אָבער, קינדערליך. אַזאַ טייערע פושקע האָב איך אין מיין גאַנצען לעבען ניט געאַרבייט, ניט איך און ניט קיין שום בלעכער; געלויבט זיין ליעבער נאָמען וואָס איך האָב נאָך זוֹכֶה געווען צו דערלעבען צו מאַכען אַזאַ טייערע פושקע. נור איך זעה, קינדערליך, ווי אייך ווילט זיך זעהר וויסען און פערשטעהן וואָס איז די טייערקייט פון דער פושקע, וועל איך אייך דערצעהלען.

און דאָ האָט ר' אֶלְיָקִים אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען דעם אַמאָליגען יודישען לעבען אין אֶרֶץ ישראל, וועגען זייער גליק וואָס זיי האָבען געהאַט און וועגען זייערע העלדען, וואָס זענען ביי זיי געווען. אֶלְיָקִים האָט דערצעהלט און דער האַמער אונטער זיין האַנד האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט, דאָס קלאַפּען פון האַמער האָט די קינדער ניט געשטערט צו הערען, נאָר פערקעהרט, דער האַמער האָט געקלאַפּט אין טאַקט און עס האָט זיך אויסגעוויזען אַז ער שטימט איין מיט די געפיהלען פון אליקום'ס ערצעהלונגען.

טיק טאַק, טאַק טיק, האָט דער האַמער פרעהליך געקלאַפּט, ווען אליקום האָט מיט פרייד און הִתְלַהֲבוּת דערצעהלט פון גליק, און שטיל וויינענדיג האָט זיך געדוכט דאָס קלאַפּען פון האַמער, בְּעֵת אליקום האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי דער בֵּית הַמִקְדָשׁ איז חָרוּב געוואָרען, און ווי פערוויסט און פערפינסטערט איז איצט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דערצעהלענדיג פון די צָרוֹת אין גָלוּת האָט זיך אליקום פערהלינעט, ער האָט מעהר ניט געקענט רעדען און אַ יַם טרעהרען האָבען זיך אָהן ווערטער אָנגעהויבען גיסען איבער זיינע באַקען.

— טיק טאַק, טאַק טיק, האָט טרויעריג זיך אָנגערופען דער האַמער איבער דעם בלעך, רבקה'לען האָט עס שטאַרק אָנגענומען און פערקלעמט ביים האַרצען, זי האָט זיך צוהליפעט און געווישט זיך די אויגען; ביי יוסף מענדלען האָבען זיך אויך בעוויזען טרעהרען און ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטען פון וויינען.

— נאָר קינדערליך, גאָט פערלאָזט אונז ניט, האָט דער אַלטער אֶלְיָקִים געזאָגט אויסווישענדיג זיינע פערטרעהרטע אויגען — עס זענען שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר אַוועקגעגאַנגען פון דער צייט אָן, און מיר יודען לעבען נאָך; אונזער תּוֹרָה, אונזער אֱמוּנָה איז ביי אונז געבליבען, און אונזער ליעבע צו דעם הייליגען לאַנד איז נאָך ביי אונז ניט פערלאָשען געוואָרען. די ליעבע צו אונזער הייליגען לאַנד, האָט זיך אָנגעהויבען אין דער לעצטער צייט צו שטאַרקען אין אונזערע הערצער, פיעל פון אונזערע בעסטע יודישע יונגע לייט, און יודען מיט ווייב און קינדער, האָבען אָנגעהויבען פאָהרען קיין "אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל", ניט נור אויף אָבצולעבען דאָרט די עלטערע יאָהרען, ד. ה. שטאַרבען דאָרט, נאָר אויף צו אַרבייטען, אַקערען, זייען פעלדער, פאַשען שאָף, אויף אונזער הייליגער ערד; איצט געפינען זיך דאָרט אַ סך יודישע דערפער (קאָלאָניעס) מיט טויזענדער יודישע אַקערבויער, און אַ סך טויזענדער יודישע קינדער וואַקסען איצט צוזאַמען מיט אונזער הייליגער ערד.

נאָר אַזוי ווי עס איז נאָך אַליין דער אָנהויב, ברויכען זיך די דאָרטיגע יודישע אַקערבויער, מען זאָל זיי מיטהעלפען. צו דעם צוועק האָט אונזער רעגירונג אונז ערלויבט געבען געלד צו שטיצען אונזערע ברידער, די קאָלאָניסטען און בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת אין ארץ ישראל, — און אָט פון דעם נייעס בלעך, וואָס איהר זעהט, קינדערליך, און וואָס איך האָב זוֹכֶה געווען ביי גאָט צו אַרבייטען איצט, וועל איך באַלד מאַכען אַ פושקע, אין וועלכער יעדער וועט מעגען וואַרפען געלד, צו שטיצען אונזערע ברידער וואָס אַרבייטען די הייליגע ערד אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל; איצט ווייסט איהר שוין, קינדערליך, וואָס פאַר אַ טייערע אַרבייט איך אַרבייט איצט

אֶלְיָקִים האָט אויפגעהערט דערצעהלען, און פרעהליכער און גיכער האָט אָנגעהויבען קלאַפּען דער האַמער איבער דעם בלעך; אַזוי, אַ שָׁעָה אין דער נאַכט, האָט פרעהליך, ווי אַ גוטע מוזיק, געקלאַפּט דער האַמער, ביז די פושקע איז פערטיג געוואָרען; דערנאָך האָט ער אויף דער פושקע אויסגעפאַרבט, מיט שענע יודישע אוֹתִיוֹת: "צְדָקָה לְיִשׁוּב אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל" און די פושקע געשטעלט אויף דעם פענסטער טרייקענען איבער נאַכט.

* * *

אויף מאָרגען ווען גֵרְשׁוֹן איז נאָך געזעסען מיט זיין פאַמיליע ביי דעם טהיי, האָט זיך געעפענט די טהיר, און אֶלְיָקִים, דער אַלטער בלעכער, איז אַריינגעגאַנגען מיט אַ "גוט מאָרגען", און מיט אַ נייער פושקע אין דער האַנד. אַלע האָבען זי אַרום געקוקט, און געפונען, אַז זי איז אויסגעצייכענט שען געמאַכט.

— פון דעסטוועגען האָט איהר ר' אֶלְיָקִים צו טייער גענומען פאַר דער פושקע.

— פינף גילדען פאַר אַזאַ פושקע איז ניט טייער, גלויבט מיר איך האָב קיין איבעריגע ניט גענומען, געמאַכט פון נייעם בלעך, זעהט בעסער ווי זי איז געמאַכט גוט.

— מען קען ניט זאָגען, די אַרבייט איז גוט, נאָר אַ האַלב קערבעל וואָלט אויך געווען גענוג, נאָר לאָז שוין זיין, שלאָגט־זשע צו, אָט זאָ צו דער וואַנד נעבען דער טהיר. יועל איך אייך בעצאָהלען — האָט גֵרְשׁוֹן געזאָגט, און אָנגעוויזען מיט דער האַנד נעבען דער טהיר פון עס־שטוב.

אֶלְיָקִים האָט פון קעשענע אַרויסגענומען זיין האַמער מיט צוועקליך, און אין צוויי מינוט, מיט עטליכע זיכערע קלעפּ, איז די פושקע שוין געווען צוגעשלאָגען, און זי האָט שוין בעשיינט די עס־שטוב; גרשון האָט איהם בעצאָהלט פינף גילדען, אליקום האָט גענומען דאָס געלד אין האַנד, געשטאַנען עפּיס, זיך אַרומגעקוקט, ווי איינער וואָס וויל אַז קיינער זאָל ניט זיין דערביי, נאָר אַלע אין שטוב, און די קינדערליך זענען אַליין געשטאַנען און אָנגעקוקט די פושקע; פּלוצים האָט זיך אליקום אָנגערופען: — זייט אַזוי גוט, ר' גֵרְשׁוֹן, ערלויבט מיר... מיין נְדָבָה זאָל זיין די ערשטע, און אַזוי רעדענדיג, ניט וואַרטענדיג אויף ענטפער, האָט אליקום אַראָבגעלאָזט די פינף גילדען; פון דער פושקע האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געהערט עטליכע קלינג — און אליקום איז שוין געווען פון יענער זייט טהיר, און פאַר איילעניש, פערגעסען זאָגען "אַ גוטען טאָג". —

גרשון איז איהם די מינוט נאָכגעלאָפען און נאָכגעשריען: ר' אליקום, קערט זיך אום, נאַט אייך אַנדערע פינף גילדען פאַר אייער אַרבייט! נאָר אליקום האָט זיך אֲפִילוּ ניט אומגעקוקט, נאָר געמאַכט מיט די העַנד, ווי איינער זאָגט: "ניין, ניין!" און איז ווייטער געלאָפען, בלאַס און רויט און פערשעמט, ווי גלייך ער האָט עפּיס גע'גנב'ט, און מע

יאָגט איהם נאָך, אַזוי אַז דער יונגער גרשון האָט דעם אַלטען אליקום בלעכער ניט געקאָנט חאַפּען...

* * *

די אייניגע שטעלען פון'ם ערצעהלונג "די ארץ ישראל פושקע" מעגען דינען פאַר אַ מוסטער אויף די איבעריגע "ערצעהלונגען פון דער יודישער וועלט", דאָס בוך גיט אונז ריכטיגע בילדער פון יודישען לעבען. מיר רעקאָמענדירען עס אַלעמען, ווער עס וויל זיך בעקאָנען מיט דעם לעבען פון דער יודישע גאַס. י. י. ווייסבערג.

## ליטעראַרישע נייעס.

— פון ערשטען יאַנואַר הויבט אָן ארויסצוגעהן אין יויען אַ צווייטע אויסגאַבע פון "דער וועלט" אין זשאַרגאָן, מיט בעזונדערע אַרטיקלען, וואָס זענען בערעכענט פאַר דעם זשאַרגאָן-לעזערקרייז.

— אין לאָנדאָן הויבט אָן צו ערשיינען אַ צייטונגסבלאַט אין זשאַרגאָן אונטער דעם נאָמען "דאָס פאָלק", אַרויסגעגעבען פון ציוניסטישער פובליקאַציאָן געזעלשאַפט".

— פרוי שלוֹמִית חמוּדה שׁריפה, אַ געבאָרענע פון אַראַביען, וועלכע וואָהנט איצט אין ירושלים, האָט בעקומען אַ ערלויבניש אַרויסצוגעבען אַ צייטונג אין אַראַביש און העברעאיש. דערווייל וועט די צייטונג ערשיינען צוויי מאָל אין חודש, דערנאָך וועט זי אַרויסגעהן וועכענטליך.

— אין טשיקאַגאָ ערשיינט אַ נייע וועכענטליכע צייטונג אים העברעאישען "הַתְּחִיָה" אונטער דער רעדאַקציאָן פון הערען וו. שור, דער וואָס האָט פריער אַרויסגעגעבען די צייטונג "הַפִּסְגָה".

היסטאָריע פון דער יודישער ליטעראַטור, עס איז אַרויס פון דרוק אַ בוך אין ענגלישער שפּראַך מיט דעם נאָמען אַ היסטאָריע פון דער יודישער (זשאַרגאָנישער) ליטעראַטור אין דעם XIX יאָהר-הונדערט" (History of Jidish Literature in the XIX century) פון פּראָפעסאָר לעאָן וויענער אין ניו-יאָרק, דאָס בוך בעשטעהט פון 2 טהיילען 1) היסטאָריש-ליטעראַרישען טהייל, וועלכער ענטהאַלט איין אַלגעמיינעם איבערזיכט איבער די זשאַרגאָן-ליטעראַטור פון מיטעלאַלטער ביז היינטיגען טאָג. 2) אַ לעזעבוך אין זשאַרגאָן מיט דייטשע אותיות און ענגלישער איבערזעצונג, וועלכעס ענטהאַלט אויסגעקליבענע שטיקער פון די בּיכער פון די בעקאַנטע זשאַרגאָנישע שרייבער: ד"ר עטינגער, צווייפעל, גאָלדפאַדען, מיכל גאָרדאָן, י"ל גאָרדאָן, מענדעלי מו"ס, שלום-עליכם, פרישמאַן, פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, דינעזאָהן, פרץ און אנדערע, צו דעם בוך זענען צוגעגעבען רייכע ביבליאָגראַפישע ידיעות וועגען דער זשאַרגאָן-ליטעראַטור און אויך אַ רעגיסטער.



Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Bergowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

# אינהאלט פון „יוד"

## ערשטער יאהרגאנג 1899.

## IV. געשיכטע און ביאָגראַפיען.



## V. בריעף



## VI. קריטיק.



## VII. יודישע שטעדט און שטעדטליך.



## VIII. כראָניק.



## IX. פּאָליטישע איבערזיכט.



## X. צייטונגס שטימען.



## XI. פעליעטאָנען.







## Съ 21 Ноября выходитъ въ С.-Петербургѣ
### НОВАЯ ЕЖЕНЕДѢЛЬНАЯ ГАЗЕТА
# „БУДУЩНОСТЬ“
### СЪ ЕЖЕГОДНЫМЪ ПРИЛОЖЕНІЕМЪ
### НАУЧНО-ЛИТЕРАТУРНАГО СБОРНИКА.

„Будущность“—независимый органъ русскихъ евреевъ, стремящійся къ культурному возрожденію и подъему самосознанія еврейской массы. Девизъ ея—„**народность и просвѣщеніе**“. Еврейскій народъ, по своему религіозно-этическому міросозерцанію и духовно-историческому укладу, имѣетъ право на достойное существованіе среди цивилизованныхъ народовъ. Въ этомъ убѣжденіи „Будущность“ ставитъ себѣ задачею, способствуя по мѣрѣ силъ всестороннему разъясненію причинъ нынѣшняго ненормальнаго положенія евреевъ, въ то же время содѣйствовать просвѣщенію евреевъ распространеніемъ научныхъ знаній о іудаизмѣ и еврействѣ и указаніемъ путей къ совершенствованію экономич. и обществен. быта въ духѣ лучшихъ началъ общегражданской жизни.

Въ *еженедѣльникѣ* „Будущности“ введены слѣдующія рубрики:
I. **Статьи по бытовымъ вопросамъ:** о юридическомъ, экомическомъ и культурномъ бытѣ евреевъ.

II. **Еврейская лѣтопись.** А. *Въ Россіи.* 1) Правительственныя распоряженія. Дѣйствія губернскихъ властей, городскихъ и сословныхъ учрежденій. 2) Сенатскія разъясненія законовъ о евреяхъ (въ соотвѣтствующихъ случаяхъ съ изложеніемъ исторіи даннаго вопроса). 3) Обзоръ текущихъ событій еврейской жизни (общественный и общинный бытъ, народное образованіе, профессіональный трудъ, благотворительность). 4) Письма корреспондентовъ „Будущности“ и газетныя сообщенія изъ провинціи. 5) Обзоръ періодической печати о евреяхъ (русской, древнееврейской, польской, нѣмецкой). Б. *Заграницей.* Иностранное обозрѣніе. Статьи, корреспонденціи и извѣстія о жизни евреевъ заграницей. Палестинская хроника; отчеты и сообщенія о евр. колоніяхъ въ Св. Землѣ и дѣятельности евр. палестинскихъ обществъ.

III. **Научный отдѣлъ.** Статьи по исторіи евреевъ и еврейской литературы, по іудейской этикѣ и религіозной философіи.—Новости еврейской археологіи и другихъ отраслей науки о еврействѣ.—Статьи по антропологіи и демографіи евреевъ.

IV. **Литературный отдѣлъ.** Повѣсти и разсказы изъ еврейской жизни. Стихотворенія. Художественныя замѣтки. Еврейское народное творчество (легенды, сказки, пѣсни, поговорки). Критика и рецензіи новыхъ книгъ о евреяхъ (Hebraica и Judaica). Фельетонъ.

Въ еженедѣльникѣ будетъ по возможности въ каждомъ нумерѣ помѣщаться „Справочный отдѣлъ“, въ который войдутъ отвѣты редакціи на запросы юридическаго и библіографическаго характера, имѣющіе общій интересъ.

Въ ежегодномъ сборникѣ „Будущности“ будутъ помѣщаться болѣе крупныя по размѣрамъ статьи науч. и литератур. содержанія.

Въ „Будущности“ примутъ участіе слѣдующія лица:

Гг. Н. И. Бакстъ, Бенъ-Ами, г-жа Гемда Бенъ-Тегуда, д-ръ С. А. Вайсенбергъ, П. И. Вейнбергъ, Г. С. Вольтке, Г. Г. Генкель, Гершонъ бенъ-Гершонъ (Г. Г. Лифшицъ), Ю. И. Гессенъ, доц. М. Ю. Гольдштейнъ, О. О. Грузенбергъ, С. М. Дубновъ, Р. Ф. Ильишъ, Я. И. Израэльсонъ, М. Г. Каганъ, д-ръ Л. О. Канторъ, А. Е. Кауфманъ, д-ръ Л. С. Каценельсонъ, Я. Б. Каценельсонъ, А. Р. Кугель, М. И. Кулишеръ, И. С. Леви, І. М. Левитъ, С. А. Лурье, К. Н. Льдовъ, Д. Н. Маминъ-Сибирякъ, Ю. В. Манасевичъ, М. Г. Моргулисъ, Д. Л. Мордовцевъ, М. И. Мышъ, В. Н. Никитинъ, Н. А. Переферковичъ, И. Н. Потапенко, Н. О. Пружанскій, д-ръ С. А. Скомаровскій, В. Д. Спасовичъ, С. М. Станиславскій, Я. Л. Тейтель, З. І. Темкинъ, д-ръ филос. М. М. Филипповъ, г-жа Б. Л. Флексеръ, С. Г. Фругъ, д-ръ І. А. Хазановичъ, проф. Д. А. Хвольсонъ, д-ръ М. О. Шляпошниковъ, О. Н. Штейнбергъ, І. О. Шульковскій, д-ръ П. М. Ямпольскій, д-ръ С. О. Ярошевскій и мн. др.

„Будущность“ будетъ выходить еженедѣльно въ размѣрѣ 2½—3 листовъ. Ежегодный сборникъ „Будущности“ будетъ выходить 1 октября въ объемѣ не менѣе 20 печат. листовъ.

**Подписная цѣна:** на 1 **годъ** (съ приложеніемъ ежегоднаго Сборника)—7 руб., на ½ года—4 руб., на 3 мѣсяца—2 руб. Для годовыхъ подписчиковъ допускается разсрочка: къ Новому году—3 руб., къ 1 апрѣля—2 руб. и къ 1 іюля 2 руб. Для учащихъ, учащихся и служащихъ въ еврейскихъ благотворительныхъ учрежденіяхъ, при выпискѣ изъ Главной Конторы, дѣлается уступка (на 1 годъ—6 руб., на ½ года—3 руб.).—Ежегодное приложеніе предназначается только для годовыхъ подписчиковъ. *Подписавшіеся на 1900 г. въ ноябрѣ и декабрѣ* получаютъ газету со дня подписки. *Объявленія* для напечатанія въ „Будущности“ принимаются по 10 к. за строку петита въ ½ столбца; на первой страницѣ по 20 коп.

**Адресъ редакціи и главной конторы: С.-Петербургъ, Пушкинская, 7.**

Редакторъ-издатель **д-ръ С. О. ГРУЗЕНБЕРГЪ.**

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין אקורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. ניט זוימט און פרעגט אן ביי:

Mme. Naiditsch, Dawid-Horodok, Gouv. Minsk, Russie.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט א גוטע פרנסה איינפיהרען, אזוי ווי איך גיב צו ערקלערען דורך א בריעף געגען א 7 קאפ' מארקע.

אדרעסירען:

Mr. Naiditsch, Post-Restant, Warschau, Russie.

---

## הַשִּׁלֹחַ.

### יצאה לאור חוברת נאוועמבר ונשלחה להחותמים.

וזה תוכנה:

א) תורת חיים ג. ד"ר ש. ברנפלד.
ב) הטוב והרע (המשך), הלל צייטלין.
ג) זכרונות תונה, ברשדסקי.
ד) מנהג ישראל, ש. א. האראדעצקי
ה) כלי הזמר בישראל, (המשך) פ. מינקאווסקי.
ו) משוררת עבריה באמיריקא, יעקב ז. רייזין.
ז) שני נביאים, שיר, י. ל. ברוכוביץ.
ח) מוסר היהדות (המשך), דר. ד. ניימארק.
ט) קהלות יעקב, י. ד"ר ב-ה.
י) מחשבות ומעשים, רבי קרוב.
יא) ענינים שונים (מכתב אל העורך א. א. לוברסקי. מקור השם „וואל“, פ. ה. וועטשטיין „מליצי ישראל“, ב. הערה, נחמן חסיד)

מחירו לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ.

נמצאו לממכר כרך I, II, IV, V מכורכים ומחיר כל אחד 3,40 ר'.

Verlag „ACHIASAF“ Warschau.

---

## אַ נייעס, אַ וויכטיגער און אַ זעלטענער ערשיינונג אין דער זשארגאנישער ליטעראטור.

עס איז ארויס פון דרוק אַ נייער ספר אין ריין זשארגאָן מיט דעם נאָמען

# מצב ירושלים ובנין אריאל

מיט פיעלע ריכטיגע ציורים.

אין דעם ספר ווערט בעשריבען ווי אזוי די הייליגע שטאדט ירושלים און אלע הייליגע געגענדען פון ארץ ישראל, ווי דער ערשטער בית המקדש וואס שלמה המלך ע"ה האט געבויעט, אויך ווי דער צווייטער בית המקדש וואס הורדוס האט ערנייערט האבען אויס געזעהן אין אונזערע גיטע צייטען, ווען יודען האבען זייער אייגענע מלוכה און זייער אייגענע לאנד געהאט, ווען אלע פעלקער פון דער גאנצער וועלט האבען בעוואונדערט דעם פראכט און גלאנץ פון בית המקדש.

דער ספר וועט עפענען דיא אויגען פיעלע פון אונזערע זשארגאנישע לעזער. לעזענדיג איהם וועלען זיי זעהען וואס פאר א גרויס און רייך פאלק יודען זענען א מאל געוועזן. ניט איין מענשען וועט דיזער ספר ארויס רופען טרערען, לעזענדיג וואס מיר האבען אמאל געהאט, און נאכהער אנגעווארען.

דער ספר איז ארויס גענומען געווארען פון ריכטיגע קוועלען פון תלמוד, אויך פון ענגלישע, פראנצויזישע און רוימישע מאנוסקריפטען, וועלכע מען האט געפונען אין וואטיקאן אין רוים. אויך פון די שריפטען וואס די געזאנדטע פון תלמי המלך, דער קעניג פון מצרים, האבען בעשריבען.

מיר האפפען אז יעדער פון די לעזער, וועט צופריעדען זיין פון דיזען טייערען ספר, און וועט דאנקבאר זיין דעם הערויסגעבער.

פרייז 30 קאפ' מיט פארטא.

### יצחק פונק אין ווילנא.

**Buchhandlung ISAAK FUNK, WILNO.**